


# 9

ליטעראַריש-קינסטלערישער
און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל. מינסק
1933 יאָר



## אינהאַלט.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

№ 9 ═══ נײַנטער יאָרגאַנג ═══ סענטיאַבער 1933






רוווע רייזין

## „סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו"

I

באַקרײַזט פון פאַנעס און פאַנענקעס, וואָס רײַסן אײנס לעם צווייטן,
רוקט זיך, רוקט זיך צום טויט א ריי פאַרשמידט אין קייטן.
ס'איז אין געשריי א מאַמע צו די פיס פון זון געפאַלן
אונטער פערד פון זשאַנדאַרמעריע און נאַהײַקע־קנאַלן.

ס'פאַרשטילט א זעץ פון א פריקלאַד דעם קאָל פון א פאַרשמידטן,
נאָר ס'הייבט אַ קאָל זיך פון א צווייטן און א דריטן
און ס'טראָגט זיך א געזאַנג—א ניט פאַרהאַלטנדיקער האָגל:
„סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו".

כ'לויף נאָך צומישט צווישן טופּ פון פערד און שטופּ פון אוילעם.
כ'האַלט זיך קוים פון שווינדער אפן בוים־שפּיץ פון בעסיילעם.
אָוי, אפ שניי, וואָס איז באַשײַנט פון מיזרעך־פאַרבן —
בלוט פון שקיִע, בלוט פון זין, וואָס שטאַרבן.

קרויזן פאַלנדיקע—פייגלען, וואָס פון זאַלפּ דערשראָקן שוועבן,
בלוט־שווינדער פון טויט, אויסגעשריי פון לעבן.
כ'הער א קאָל ווי פון מײַן האַרצנפאַנעס און פאַניענקעס—מענטשן
וועלפּ—אין שליאַפּעס, זשעדנע כײַע־הענט—אין הענטשן!

א צווייטער קאָל פאַרטרײַבט דעם גרויל ווי אופוועקנדיק די טויטע:
— פאַנעס, הינטער אײַערע פּאָטיליצעס רוקן זיך די רויטע...
— פרייט זיך ניט, איר האָט אונדז נאָך ניט דערשלאָגן...
— סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו...

II

צווישן טויטע, אונטער צעפּליִענדיקע קראָען
קלאַפּן, קלאַפּן אפן שטיין־ברוק פערדן־טלאָען.

איבער פענעמער, וואָס שמייכלען אונטער שטויב פאַרמאַטערט,
ווי הערצער טיאָכקעדיקע א פאָן א שווערע פלאַטערט.

א פרוי א דארע—אָרעמס ווי צום ארומנעמען זיך אויסגעשפּרייטע—
מאמעלעך, די רויטע, אוי, די רויטע!
מיט א פויערטע—אַפ העלדזער הענט פאַרקלאַמערט—
האָט זיך פון פרייד צעקושט מײַן בלייכע מאמע.

לאַפּטיעס, ארמייער-קליידער, ווי בא מיר צעריסן
ווערן פאַרעלעך דערהייבן אונטער שטאָלצקייט פון די שפּיזן.
— טאָווארישטשי, דעם פּאַן פאַריאָגט!
— עס גייען באָלשעוויקעס!
כ'וואָלט צעקושן איצט די שפּיצן פון די פּיקעס.

מיט טופּ און מיט געזאַנג גייט דורך א ראָטע נאָך א ראָטע,
אוי, א באַקאַנטער ניגון—ס'האָט מיך פאַרכאַפּט דער אָטעם
פון גרויסער פרייד גלײַך ווי א געהיימע קראַפט צעבלים ערשט,
דאַכט מיר יענע טויטע זינגען, זינגען ווידער:

באַקאַנטע קלאַנגען, אָן מײַן הארץ ווי כוואַליעס שלאָגן:
— סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו!

### III

ווי כוואַליעס אָן טורבינעס האָבן אונטער שיינעם דנעפּער-קאַליער,
אָן שווערן אָפּגעקלאַפּט זיך טויטע—העלדן פון טריפּאָליע.
דאָמנע-טרויבן, וואָס מיט פּײַערס איצטער שפּרייטן,
צינדן פאַרטאָגיק דעם אָוונט-ראַנד אין פלאַם אין רויטן.

מיט אײַזן פאַר ווײַסרוסלאַנד יאָגט מיט פּײַפּ א צוג דאָרט פון אוקרײַנע.
צו שטאָט, ווו כ'שטיי אַפּ רישטעוואַניעס מיט בויער יאַטן מײַנע.
דער געזאַנג פון ראַדיאָ ווערט אַפּ דער געבײַ צו מיר דערטראָגן
— סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו!

מיט דער ליד צום טויט, מיט דער ליד צום זיג איז מען געגאַנגען,
ס'הייבט די ליד מײַן טראָט אַפּ שטאָגעס הויכע לאַנגע.
ברידער ווײַסרוסן, אוקרײַנער און אַרמענער
לאָמיר הייבן די געבײַען העכער, שענער!

ניטאָ קיין הייך, צו וועלכער באָלשעוויקעס זאָלן זיך דאָ ניט דערשלאָגן.
— סמעלאָ, טאָווארישטשי, וו נאָגו!

* *
*

גייסט מיר נאָכ—אפּ דרערד א שאָטן,
גייסט מיר נאָכ—א זון פונויבנ,
קינדהײַט ווי מיט זאמד פארשאָטן,
זאָל איכ שילטנ דיכ, צי לויבנ?

כ׳ווייס ניט אָפּטמאָל, וואָס מיכ טראָגט ערשט
דורכ וויג אונ בלענד פונ העכסטער שטאגע,
צי דער פײַער פונ א שלאָגלער,
צי דער דראנג פונ א בראָדיאגע.

כ׳פלעג אינ פרעמדע שטעט זיכ קאָרטשענ
אונטער סקוועד־קוסט, אינ א ווינקל,
ווענ כ׳פלעג אינ האלבנ דרימל וואָרטשענ
ווי אמאָל נאָכ א קליינ יינגל.

א קליינ יינגל—ניט צו הערנ ווי אפּ ברעטלעכ
קראנק, קאָרטשענדיק זיכ, קרעכצט די מאמע—
פלעג איכ זיכ דורכ דערפער, שטעטלעכ
מיט בראָדיאגעס לאנג פארזאמענ.

ס׳איז מײַנ קאָפּ געווענ מיר ביליק,
ווי א הערינג־קאָפּ א פוסטע,
ווענ אינ מײַנ וואנדער האָט דער פרילינג
געקוקט אפּ מיר פונ פרעמדע קוסטעס.

ס׳האָט זיכ מײַנ ברוסט אינ פרילינג יענעם
ניט פונ מײַ־לופט, נאָר פונ האס פארברייטערט;
זי האָט אינ ליבע זיכ צעברענט נאָר
בא דעם אָנקום פונ די רויטע.

ברידער טײַערע, וואָס האָבנ
מיט הארציקײַט מיכ אָנגעלאָדנ,
זינט מע האָט אײַכ דאנ פארגראָבנ,
קלאפּט אינ מיר אונ מאָנט, אונ פאָדערט.

אויב ס׳וועלנ נאָכ דעם סוינעס פאַלקנ
צום טויט מיכ פירנ א געשמידטנ,
וועט קאָפּ מײַנס זינקענ ווי א וואָלקנ,
וואָס איז מיט זונ שוינ דורכגעשניטנ...

אונ אויב עס שרעקט מיך ניט דאָס שטארבנ,
דארפ אויך ניט שרעקנ מיך דאָס לעבנ,
פאר וועלכנ איר, די קאָמונארנ,
האָט די קעפ אוועקגעגעבנ.

כ'האָב איצט דערפילט זיך מענטשלעך־שלאנקער
ניט קיינ שטיינ דארפ מײַנ צוקאָפּנ —
דער זאוואָד—דער פאָלק דער לאנגער
דארפ אינ שלאָגלער־פלאנג מיר האָבנ.

וועסט מיר ניט נאָכגיינ—אפ דר'ערד א שאָטנ
דו וועסט מיר נאָכגיינ—א זונ פונויבנ,
קינדהײַט, ווי מיט זאמד פארשאָטנ,
כ'וויל ניט שילטנ דיך, נאָר לויבנ!

מאָטע דעכטיאר

# מיט פארקאשערטע ארבל

(פונ בוכ „רישטעוואניעס“)

## 1

אינ הויכנ הימלשנ בלויענ קופּאָל, צווישנ געדיכט אראָפּגעהאנגענע וואָלקנס, האָט די זונ זיכ א פייַערדיקע סטעזשקע דורכגעשניטנ — מיט פענזלעכ שטראלנ באפארבט די ערד אפ טונקל רויט. ווענט, אופגעוואכטע פונ נאכטישנ דרימל, האָבנ אָפּגעפארעט מיט שיטערע דאמפּ־סטאָלביקעס אונ מיט א זילבער־בלעסק געפארבט דעם ראָזנ הימלשנ קופּאָל. הויכ אפנ קאָפּ שטייט זי, די זונ. זי האָט הייַנט א ברענ געטאָנ ווי עס דארפ צו זייַנ הוילע מוליארישע לייַבער, פארברענט איז געוואָרנ זייער לייַב, באקומענ א קאָליר פונ איבערגעברענטע ציגל. יודקענ דעם אלטנ מולער איז אויכ הייס געוואָרנ. אפנ שטערנ האָבנ אופגעשפראָצט שווייסיקע פרישטשיקעס, וועלכע קאפענ אראָפּ אפנ נאָז, אזוינע שווערע, ווי צעשמאָלצענער צינק, אונ אפ א פאריסענער ליפּ, פאלנ זיי מיט א געזאלצענעמ טאמ. ער האָט אראָפּגעוואָרפנ, יודקע, זייַנ אלטע צעקנייטשטע קורטקע, וועלכע איז צעקנייטשט ווי דער פּאָנעמ אונ צעפאלדעוועט ווי די לייַב. מיט א פארזשמורעטנ בליק שטייט ער ארומ א נידעריקנ פּיליאר, ווי ארומ א דענקמאָל. די קעלנע שטעקט אינ האנט ווי א גראנאט אונ דער מויל באצייַטנס עפנט זיכ אופ ווי א פּאָרטקעלע אונ זייעט אויס א גענעצ צומ אָפּענעמ הימל. פארבראקניעטע אויגנ זשמורענ זיכ אינ דער הויכ, ניט קענענדיק קוקנ דער זונ אינ די אויגנ אריינ. זי איז נאָכ גוט ברענענדיק די זונ. קוימ, קוימ וואָס זי רירט זיכ א צעפלאמטע. ווענ ער וואָלט קענענ, וואָלט ער זי, דער ברענענדיקער, פארטשערעבעט מיט דער קעלנע אונ אריינגעפליוכעט אינ א פעסל זאליווקע. נאָר די זונ איז הייס, די זונ איז זודיק אונ זי לאכט אזוי פארביסנ פונ יודקענ, וואָס שטייט מיט אנ אָפענער צעגענעצטער פּאָרטקע אונ האלט א פּאָר גראָבע אייַזערנע הענט אפנ פּיליאר ווי צוגעצעמענטעוועטע. אינ קעסטל בלאנקט דער צעמענט, ווי גראניט. טרוקנ איז דער פארמיש, אז די קעלנע קענ ניט אייַנבייַסנ.

— רעב יודע, אביסל וואפנע גיסט צו, ווי אזוי מוליארעוועט איר מיט אזא הארטעניש.

אזוי האָט שימענ וואפניק א זאָג געטאָנ, שטייענדיק ניט ווייַט אפ א ווינקל אונ געטרייסלט האָט ער אנטקעגנ מיט דער שווארצער פּאפּאכע האָר, וואָס האָט זיכ געוויגט איבער די אויגנ. אונ דער שטופּלדיקער פּאָנעמ האָט אונטערגעשמייכלט מיט צוויי יונגע פארשארפטע בליקנ.

יודקע האָט זיכ צו אימ א האלבנ קער געטאָנ, באוויזנ א פּאָר צעוואָרצלטע שטשערבאטע ציינער אונ מיט א זויערנ קאָל ארויסגעקוועטשט:

— גאָגעלע, דו וועסט לערנען דער מאמען דײַנער ווי א דייזשע פארמישן, ניט מיך קארוזלע. פכע, א נײַער מולער זיך אויסגעקראצט. אפן בוט גיי, הינטל־קלאפער.

און אָנשטאָט אינקאעס ווערן אפ יודקען פארכמורען זיך נאָר בא שימענען די שטופלען אפ זיך אליינ. די פארשארפטע בליקן פון זײַנע אָנגעקוואָלענע אויגן פארטעמפן זיך עטוואָס, קוקנדיק ווי יודקע הויבט זיך העכער פון פיליאר און טופעט מיטן פוס, אז די רישטאָווקע גייט כאָדעראָם.

— לעכצעלע, לעכצעלע,—ריטשעט יודקע, שאָקלענדיק מיט אַ גראָבן פינגער, וועסט בא מיר לאכן מיט הובקעס.

און שימען פארקלײַבט זיך ניט מיט יודקען פארפירן בא דער ארבעט דיסקוסיעס. אָר אז ער זעט, אז עס טוט זיך ניט „פאָ מוליארסקי", טוט ער אים א זאָג עטוואָס ווייכער:

— איך קען אײַך פארמישן, יודע, אויב אײַך איז שווער. און פארווארפנדיק די לאָפעטע אפן פלייצע, ווי א ביקס, לאָזט ער זיך גיין.

— קארולע, צעהיקעט זיך יודקע, באלד וועט מען דיך שיקן רופן מיט א דעלעגאציע, מער טויגסטו ניט אפ קעסלעך פארמישן, אראָפ פון ווינקל, גאָגעלע. מיש אויס אזויפיל טשאנען ווי איך, טרוכליאווע ביינ,—און ער צערעוועט זיך, ווי מע וואָלט אים וואפנע אינ קאָלנער געגאָסן.

מע האלט אים אײַנ דערווײַלע, יודען, ווען זײַנ ברייט פארוואקסענער פאָנעם ווערט פארשטיינערט און פארקאָפטשעט ווי גיפס, ווען פון זײַנ אָפענעם מויל הייבט אָנ שפארן מיט טשאד ווי פון אנ אלטער פארטושקעטער אויוון. בא אים איז קורצע צערעמאָניעס, ער שפארט זיך אײַנ און לאָזט אראָפ דעם קורצן נאקן, כאָטש שפאלט אים דעם קאָפּ.

— ער האָט דאָך גאנצע גובערניעס געבאָיעט, איפנעגעטן די ציינער אפ מוליארקע, און די גאָגעלעך לערנען אים פראשקען. ווי א סלופ אפן מיטן ווען בלײַבט ער שטיין, וויל פארהאלטן א שווער געלאָרענעם אָבאָז, וואָס ציט זיך פאָרויס, פאָרויס ארופ בארג, אהינ, וווּ עס שמעלצט זיך די זונ אפן שפיץ אינ צעלאָזט שטראלן פײַערדיק, ווי א לאנגן פייגלשן עק.

— יאָ, ער האָט געבויט! נאָר פרעג אים פאר וועמען געבויט. הויכע, ברייטע קווארטאלן מיט פאריסענע שפיצן אינ הימל האָט ער פאר עמעצן אופגעשטעלט, און אליינ אינ קעלער געטוכניעט די גאנצענע יאָרן.

פון ברענענדיקער יוגנט האָט ער גאָרניט געזאָסן. מיט זײַנ יוגנט האָט זיך עמעצער אָנגעזויפט און אפ אים פון קינדווײַס די עלטער פארווארפן.

בענקט ער נאָך א פארלאָרענער יוגנט, וואָס האָט זיך אינ אָפגרונט פארקײַקלט, זעט ער זי ווידער, די יוגנט, נאָר ער קען זי אינ האנט ניט אָנכאפן.

— ער בויט ניט פאר עמעצן קווארטאלן. דאָס זאָגט מען אים הונדערט מאָל. כאווײַרים אייגענע, נאָענטע, דאָס הייבט אָנ פילן צוביסלעך זײַנ הארץ דאָס פארשטיינערטע. דאָס האָט ער דערפילט דאן, ווען מע האָט אים געשלעפט פון קעלער צו דער ליכטיקײַט פון זונ, ער האָט זיך דאנ אײַנגעשפארט מיט די ביידע הענט אינ די אושאקעס און מיט גרויס ברויז זיי ארויסגעריסן, געמיינט האָט ער, אז דאָ, אינ פאָדוואל, וועט ער, ווי דער טאטע זײַנער יעכיעל הרעבענטשיק, ביזן לעצטן הארץ־צאפל קיינ פיצעלע זונ אינ פאָדוואל ניט אָנקוקן.

— ער בויט ניט פאַר עמעצן קיין מאַיאָנטקעס, דאָס הייבט אָן פּילן זײַן מאַרך דער פּאַרוויַיִעטער, וואָס קאָרטשעט זיך אין שאַרבן מיט פרייד און מיט ווייטיק און קלאַפּט אָן אין אַן אָדערל פון שלייף, ווי אין אַ שײַבל.

— ער וועט מער פאַר עמעצנס ניט בויען, מער וועט ער ווי אַן אָקס זײַן קאַרק ניט בויגן.

דאָס הויבט ער אָן צו ביסעלעך פּילן. נאָר דער קאָס דריקט אָפּ אים, ווי אַ שטיין. עס ווילט זיך אים אויסגיסן זײַן האַס ביזן לעצטן טראָפּן. אים דאַכט זיך, ער קומט נאָר עמעצן אַ כּיוון. ווייס ער ניט אָפּ וועמען דעם קאָס זײַנעם אויסלאָזן, ווילט זיך אים מיט זײַנע אייגענע הענט דעם פּאָנעם זײַנעם אָנעמען, אַראָפּרײַסן די נאָז, די באָרד און אַ ליפּ, דאַן וועט אים ווערן גרינגער, עס וועט זיך אַראָפּגליטשן אַ שטיין פון האַרצ.

שטייט ער אַזוי מיטן פאַרשטיינערטן פּאָנעם, די אויגן פאַרגאָסן מיט זאָד, אַן אײַזערנעם פויסט האַלט ער אין האַנט. די קעלנע וויגט זיך אָפּן וואַנט, קאַפּענדיק מיט פעטע צעמענט־טראָפּנס.

טעוול בראַנד דער בריגאַדיר וועט קומען צולויפן דעמלט, ווען יודקע שטייט פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט. ער קומט שוין צולויפן דאַן, ווען בא יודקען מיט שימענען פאַרוויקלט זיך אַ קאָנפליקט. גיך, גיך פליט ער דיבענדיק מיט זײַנע ברייטע טרעטער, ער הייבט די ברעזענטענע הייזן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן איבער די קני ווי זעק. און דורך די פּאַרקאַשערטע ליפּן בלאַנקען זײַנע ציינער ווי צינק.

— געלאַסענער, געלאַסענער אַביסל, שוין ווידער ניט צעלאַדעט, „ראַבאָטניקעס" מײַנע. און ער האַקט זיך צווישן זיי אַרײַן, ווי אַ וואַנט. די געפּאַליעטורטע אויגלעך בליצן. די צינענע ציינער שנײַדן. מיט די הענט שטופּט ער זיי פון אַנקער.

— איר וועט בא מיר אין ראַבאָטשקאָם נאָך וואָרמעס גיין. דאָרט וועט איר בא מיר בראָהען. איר וועט זיך דערלאַנגען מיטן צינגעלע.

צווייען פון צוויי זײַטן שטייען, ווי שטומע. איינער וואָלט גערעדט, האָט ער ניט וואָס צו ריידן אָפּ דער ווײַלע. דער צווייטער האַלט ניט פון רייד. ער האַלט נאָר פון טאָן. מיט יודקען האָט ער שוין הונדערט מאָל גערעדט, אַז אין האַלדז איז אים טרוקן געוואָרן ריידנדיק.

— ניט ווי דער טאַטע האָט געאַרבעט, רעב יודל, ניט ווי דער זיידע האָט געפּראַשקעט, נאָר ווי די זין, ווי די אייניקלעך, דאַרפן מיר זעצן. ווי דער טאָג מאָנט בא אונדז דאַרפן מיר אַרבעטן, אָט אַזוי אַ קערעלע, אַ רירעלע, ניט געגענעצט, ניט געפּאַטשעהאָוועט זיך. באַווײַזן וואָס מיר קענען.

יודקע קערט אָפּ דעם קאָפּ אָנאַזײַט, שטעלט אַרויס אַ פּאָר פּאַרטשאַדעטע אויגן.

— ווילסט, איך זאָל מיט דיר שפּילן אָפּ אייַן דודקע? אַ הוסט, מײַן טײַערינקער. מיש אויס אַזויפיל טשאַנטעס ווי איך. און זײַן אײַזערנע פויסט טוט אַ סקריפּ, ווי קראָכמאָל, עס באַוועגן זיך פּאַמעלעך די פּאַרוואַקסענע קינבאַקן.

שימען טוט זיך אַ קער צו אים מיט אַן אָפּגעבריענטן האַלדז און נאַקן. די ריפּן אָפּ זײַן ברוסט שטעקן אַרויס ווי רייפן. מיט גלאַנץ פון זײַנע אָנגעקוואָלענע אויגן באַגיסט ער יודקעס אָנגעשוואָלענע נאָז, ער רוקט זיך צו אים אַלץ נעענטער, עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועלן זיךביידע צונויפקלעכטן, אַז ביינער וועלן אָנהייבן טרעשטשען.

— ניט ווי דער טאַטע האָט געאַרבעט, ניט ווי דער זיידע, איך געוועט, ברודער, וועלן מיר זיך לאָזן, ניט אין פּראָסטן געוועט, נאָר...

— א הוסט,—כניקעט יודקע, איבערײַסנדיק אינמיטן, ניט דערלאָזנדיק שימענען דעריירן אין וואָס פאר א געוועט זיי גייען ארויס. זײַנע קינבאקן האָבן זיך באוועגט אלץ שטארקער און שטארקער.

און דער גאנצער ארום, דאכט זיך, האָט אויסגעשטעלט אן אויג—א גרויסע שפאקטיווע. מיט א לאנגן בליק קוקט דער ארום. אָט־אָט וועלן זיך צווייען צונויפלעכטן, איינער רוקט זיך נעענטער, דער צווייטער שטויסט זיך אָפּ מיט די הענט. דו פילסט, ווי עס טרייסלט זיך די לופט, ווי עס פלאטערט דער טאָג א צעזוימטער מיט ליכטיקע שטראלן, ווי קוויטשן אָפּ זײַנע בייגעוודיקע רוקן, און אלץ ארום, דאכט זיך, האָט אויסגעשטעלט איין גרויסן לאנגן אויער און וויל אויפכאפּן א קלאנג.

— א געוועט!—זאָגט איינער.

— א הוסט,—ענטפערט דער צווייטער.

און א דריטער שטייט אינמיטן, ווי א וואנט, און וויל זיי פאנאנדערנעמען. ער ווי זיי פאנאנדערנעמען, קעדיי נאָכדעם קענען זיי צונויפירן.

— „קאָרעטקע און יאסנע", אָן א געוועט וועט דאָס זיך ניט באגיין.

פאלק דראהונ, דער הויכער יאָדערדיקער מולער, שטייט איבער א וואנט און שטראלט מיט זײַנע קליינע מײַזל־אויגן, ער ווארפט שטיקער קעז אפּן וואנט מיט א לאנגער ברייטער קעלנע, אויסציִענדיק די האלדז ווי א גאָנער.

— אכ, וועט די פאָר פאָלק א מאָל „א וואיויע" טאָן. אכ, וועלן זיי זיך צעבוטשקען. סעוול, אנטלויפ,—זיי וועלן דיר צעטרושטשען די ביינער, אָן א בריגאדיר וועלן מיר בלײַבן א בארמענער וועלן זיי פון דיר מאכן.

— שראפּנעלן וועלן זיך רײַסן,— טוט א הוסט דער געלער דאָוויד קעלנע. שטייענדיק אינדערהויך אפּ א בריקעלע ווי אפּ א טריבונע, אײַנשפּארנדיק זיך מיט א לאָם אי א באלקע קרעכצט ער, ווי א קינפּעטערן.

ער האָט אָפּגעקערט, דער געלער דאָוויד קעלנע, זײַן קליין פּײַגן־בערדל מיט זײַן טרוקענעם פּאָנעם צו זײַן „נאפּאָרניק" כײַים שפּונט. אָט דער יונגער פריילעכער כײַים מיט דער מוטנער בעלמע אפּן לינקן אויג. אפּ די קני שטייט ער און זעצט מיט א האמערל שפּאנדויקעס אונטערן באלקע.

— קהו, קהו, טוט א הוסט, דאָוויר קעלנע, און לאָזט ארויס א שיטערן געלענדערל,— א ווי זאָגסטו, שפּונטשיקל, א טורעצקע מילכאָמע וועט זײַן, מעט זיך פּארוועטעוועו, הא, ווי זאָגסטו.

כײַים ענטפערט אים ניט אָפּ, שטיקלעך שפּליטער רײַסן זיך פון אונטער דעם האמער און פּאלן, ווי האָגל, קײַקלענדיק זיך איבער רישטאָוועקע. פּארהייבנדיק דעם סקולאסטן יונגן פּאָנעם מיטן פּארונענעם בעלמע־אויג, טוט ער א זאָג מיט אן אלטער מינע:—עס וועט אײַך אויך ניט פעלן, קאדראָוויק מײַנער, עס וועט גיין א רויך, ער וועט אים פּאר א שלאָגלער מאכן, פּונקען וועלן פליִען, פּונקען.

און דער פלינקער האמער האָט געקרישעט טשעבען אונטערן באלקע און צוגעקלאפּט מיט א טויבן קלאנג—טראכ־טראכ. פּונקען, פּונקען, א שפּליטער פון האָגל האָט געשטראלט אין אלע זײַטן. א בלויער רויך האָט געשפּארט פון אונטער דער באלקע און געוויקלט קלעפּנדיק זיך צו א שווייסיקן פּאָנעם.

## 2

דאלענקאָ, דעם פאָרזיצער פונ אָרטקאָם, האָט ער ביז איינ קנאָפּ פונ זייַנ שווארצנ־לאנגנ פרענטש אויסגעצופּט. רובינענ, דעם סעקרעטאר פונ פּארטקאָם, האָט ער שיר די זאפרענ־אויגנ ניט אויסגעפּאָרקעט.

— קאָנקרעט, קאָנקרעט, וואָס וויל ער,—אזוי האָט רובינ יודקענ אָנגעקוקט מיט א קלייב־זאפרענ־אויג אונ אונטערגעהויבנ דעם געלנ פּאס אפנ כאקע־העמדל, וועלכנ יודקע האָט אראָפּגעצויגנ קימאט ביז די קני, אייַנשטשעמענדיק זיכ אינ אים ווי אינ א קאנאט.

— אנ ענדע, א סאָפּ,—האָט יודקע געפּאָנפּעט, אונטערהייבנדיק זיכ,—ער וועט מיט שימענען אפ איינ ראזריאד ניט מאלאָכעווענ, אָט וואָס, הע־הע.

נאָכ שטארקער צעהיקעט ער זיכ דאנ, ווענ ער דערזעט שימענ וואפּניקנ שטייענדיק אפ א ווינקל, מעסטנדיק דעם פּאסאד.

— ער וועט צעקארדעטשעווענ דעם ווינקל, די ליימענע הענט, אפ טויבע ווענט זאָל ער א פּאָר יאָר אָפּקראצנ, דערנאָכ זיכ שטעלנ אפנ „וויסטאווקע” צום פּאסאד. אונ א בייגטוענדיק זייַנ קורצנ נאקנ מיט דעם פּארשטיינערטנ פּארוואָקסענעם קאָפּ, זייַט ער אויס א שמייכעלע, וואָס צעגייט זיכ אזש ביז די אויערנ.

אָנבערדיקע אפנ פּאסאד איז ער ניט געוויינט געוואָרנ זענ. בערד דארפנ גיינ אפ פריִער, אונ די ליימענע קוקלעס דארפנ גיינ פונהינטנ. טשאנענ דארפנ זיי מישנ, וואפּנע דארפנ זיי טראָגנ, אינ פּערציק סטאָלקעס זיכ בייגנ, פּערציק כאָליערעס אויסזופנ, אָט ווי מיר, אונ נאָכדעם אפנ פּאסאד זיכ שטעלנ. אָט אזא איז זי, יודקעס טעאָריע. ער וויל איר צעטראָגנ אפ טעלערלעכ, נאָר מע לאכט גאָר פונ אים אונ פונ זייַנ טעאָריע.

עמעצער שטעקט ארויס א צונג אונ גיט א זאָג:

— יודקע, צעקושט זיכ מיט מייַנ בויכ אונ שפּייַט אויס די טעאָריע.

דאָס טוט א זאָג כייַמקע שפּונט, וואָס מיט דער מוטנער בעלמע אפנ אויג. זייַנ סקרלאסטער פּענעמל ציטערט אונטער. זייַנ קאדראָוויק דאָוויד קעלנע טוט א קרים דעם טרוקענעם געלנ פּאָנעם.

— ס'איז דייַנ גלייַכנ, שפּונטשיק, סארא שיינע קאָמסאָמאָלעס. מע שפּרינגט, ווי קעצ, אנ עלטערנ אינ פּאָנעם אריינ.—כייַמ שפּונט האָט זיכ ברייט צעשמייכלט, די בעלמע־אויג האָט זיכ געקרייַזלט ווי א קייַלעכל אונטערנ ברעם. זייַנ פּאָנעם האָט ווי א פּראָסטיקע שייַבל פונ ווייַטנ אָפּגעלויכטנ. אזארטנע קוקט יודקע אפנ פּראָסטיקנ שייַבל. פונ דער צווייטער זייַט זעט ער שימענענ, וועלכער שטייט אפנ פּאסאד מיט אנ אראָפּגעלאָזענער שווארצער פּאפּאכע האָר אונ ווארפט די ציגל, ווי פּארבאקטע געפּורעמטע ברויטלעכ גלייַכ צום שנור. די קעלנע קלינגט אונטער. יודקענ ווילט זיכ צולויפנ צו אים, א כאפּ טאָנ פאר דער שווארצער פּאפּאכע אונ א זאָג טאָנ:—אראָפּ פונ טראָנ, קייסער מייַנער, אפ שטראבעס גיי!

נאָר אָט וועט ער אימ באלד אראָפּשלעפּנ, אז יענער איז אנ אייַזערנער באָכער. מע וועט נאָכ לאכנ פונ אים, פונ יודקענ. אכ, וועט מענ לאכנ—א שיינע זאכ. געטראָפנ מיט ווערענ א שפּיל טאָנ — מיט א סעקרעטאר פונ א גאנצנ קעמערל וויל זיכ יודקע צונויפפלעכטנ. נישקאָשע, עס גייט אפ א טאָלק. עס קלייַבט זיכ, דאכט זיכ, דער שימענ, ווערנ גאָר יודקעס אנ איידעם. צו זייַנ טאָכטער מירקענ, דאכט זיכ, שארט ער זיכ, יעדנ אָוונט זעט מענ אימ דאָרט בא יודקענ אפנ באלקאָנ, ווי ער פּראווועט שטיק. אלע וועלנ ריידנ. נאָר איינ שימענ וועט שווייַגנ. ער קענ אויכ שווייַגנ דאנ, ווענ יודקע עסט זיכ אינ אים

אײַנ ווי א קלעק אינ די ביינער. בא שימענס ערשטנ אָנקומ אפנ געבײַ האָט מענ געקענט זענ, ווי די צוויי גייענ זיך פאנאנדער אינ צוויי באזונדערע סטעזשקעלעך.

— ביסט א הײַנטיקער,—האָט דער אלטער אימ א פרעג געטאָנ, ווענ זיי האָבנ זיך ביידע אינ קאָטלאָוואנ ארײַנגעלאָזנ באמ פארלייגנ דעמ פונדאמענט.

— א קאָמסאָמאָלעצ!—האָט דער יונגער געענטפערט.

— אזוי!—האָט דער אלטער א הירזשע געטאָנ,— איז הער, דו! דו וועסט בא מיר זײַנ א „פּאָדסאָבניק", וועסט מיר זאליוקע דערלאנגענ.

— זייער וויל,—האָט דער יונגער געענטפערט מיט א טרייסל פונ קאָפּ, אזש דער אלטער איז פונ זײַנ ענטפער פארשטיינערט געוואָרנ.

— זאָלסט זיך נאָר ניט בריקענ, הער, דו, מיר וועלנ דיר צאָלנ ווי א בעמבעקוע. בא דיר טרייסלענ זיך נאָך די פיס.

— גוט,—האָט דער יונגער א שמייכל געטאָנ אונ אָנגעלייגט זיך מיט א וויגנדיקער ברוסט אפּ א קאלטנ, גרויסנ שטיינ, וואָס האָט זיך אײַנגעוואָרצלט אינ דער פײַכטער ערד פונ קאָטלאָוואנ. ווי א יונגער בערעלע אפּ סטעלניק, אזוי האָט ער זיך מיט די הענט אינ שטיינ אײַנגעגעסנ, אויסשטעקנדיק דעמ צונג ווי אפּ א לעק טאָג.

— וועסט זיך א באנדורע אונטערײַסנ מיט דײַנ פּאָרסונסטווע, גאָגעלע,—האָט דער אלטער א שמייכל געטאָנ אונ באוויזנ א האלבנ צעקריטשעטנ צאָנ, וואָס שטעקט פונפאָרנט ווי א וואָרצל. ער וואָלט געוואָלט צולויפנ צו דעמ יונגנ בערעלע, אוועקשטעלנ אימ טשאנענ מישנ, מאטעריאל דערלאנגענ אונ ער, יורקע, וועט מיט דער אייגענער האנט א „פּאלוטש-קעלע" אימ אָפּשטעקנ. נאָר שוואך האָט ער זיך דערפילט אנטקעגנ דעמ יאט מיט דער שווארצער פּאפּאכע האָר, ער האָט נאָר א זיפצ געטאָ: אונ געהערט ווי עס דונערט אינ דער ערד, ווי עמעצער וואָלט דאָרטנ סווײַעס געזעצט אונ פונ באטארייעס געהאקט.

דאכט זיך אביסל צײַט איז שטיל געווענ.

נאָר אָט האָט זיך בא יורקענ ווידער צעשפּילט די געבליטנ. ער האָט זיך דערמאָנט אָנ דעמ געוועט, אפּ וועלכנ שימענ האָט אימ ארויסגערופנ.

אינ האלבנ טאָג איז דאָס געווענ. אפּ איינ ווינקל איז שימענ געשטאנענ, פונ דער צווייטער זײַט יורקע. יורקע האָט פונוױַטנ א שעלמישנ אויג א וואָרפ געטאָנ צו שימענענ אונ א זאָג געטאָנ אזוי פארביסנ: — דו וועסט צו קאָרדעטשעווענ דעמ פאסאד. שימענ האָט געשוויגנ. ער האָט נאָר געזענ, ווי קליינינקע קישעלעך לויפנ ארומ בא אימ אונ-טערנ הויט.

— אײַ דו, — האָט יורקע נאָכאמאָל ארויסגעזאָגט, — דײַנ ווינקל בעט זיך... אונ ניט דערליידנדיק האָט ער א שמייכל געטאָנ.—אבי יאָרנ—צאָרעס וועלנ ניט פעלנ. מע וועט נאָך מיך רופנ דעמ ווינקל איבערמאכנ. שימענ שווײַגט. ער שפּרינגט פלוצלונג אראָפּ אונ טוט א נעמ יורקענ פארנ ארבל אונ פירט אימ צו זײַנ ווינקל, ווי א בלינדנ.

— נאט, יורקע, קוקס! א בריטווע ניט קיינ ווינקל. א קאצ קענ מענ אוועקוילענ.

— אזא מאלעבענ אפּ דיר, צאצקעוועט זיך א טאָג אפּ 3 ציגל אונ זיי ליגנ בא אימ אָקראצ.

שימענ צינדט זיך אָנ, די רויטע אָנגעקוואָלענע אויגנ שיסנ מיט שטיקער פײַער.

— איר ווילט זיך פונ געוועט ארויסדרייענ, יורע, איך האָב אײַך הונדערט מאָל געזאָגט, אז איך בינ מיט אײַך גרייט כאָטש מאָרגנ ארויסגיינ. איר וועט מיך ניט אָפּשרעקנ. איך האָב אײַך הונדערט מאָל געזאָגט. שא, אָט גייט דער פּראָראב, זאָל ער אונדז מאָרגנ צע-

שטעלו אפ צוויי ווינקלען, מיט ביידע הענט גיי איכ מיט איַכ, נאָר אפ א געוועט, אונ ניט אפ א פּראָסטנ געוועט. נאָר אפ א סאָציַאליסטישנ, אונ פונ צעהיצטקייַט איז בא שימערנענ דאָס מעיוכעסדיקע נעזל ווייַס ווי קאַלכ געוואָרנ.

דער פּראָראב נעסטעראָוויטש איז אקוראט אנטקעגנ זיי אָנגעגאנגענ מיט א פאנאנדערגעשפּילעטנ צעלאָזענעם גומענעם פלאשטש. די שטרייענע שליאפּע, ווי א גרויסע שיסל, איז געווענ אפנ קאָפּ אָנגערוקט. א צייכענונג—אונטער דער פּאכווע.

— טא־טא!—האָט זיכ נאָכ פונווייַטנ געהערט זייַנ קאָל,—וואָס פאר א טומל איז דאָ, סובטשיקעס, שוינ ווידער זיכ צונויפגעטשעפּעט.

— טעוול,—האָט ער ווי א סווישטש געטאָנ, א דרייטאָנדיק זיכ ווי א שרויפ אונ פאריסנ די שטרייענע שיסל איבערנ שטערנ.—בראנד, בריגאדיר, אנוקא, ווו ביסטו? אונ געקוקט האָט ער מיט זייַנע קליינע אגרעס־אייגעלעכ.

אונטער א נידעריקנ ווענטל אפנ צווייטנ פליגל האָט זיכ באוויזנ א קאָפּ, אונ א ברייטצעשפּלייפּטער פּאָנעם מיט געבאלעכווטע אויגלעכ האָט א קיינדל באוויזנ — קו־קו, אָט בינ איכ. ווי א שטיק מעטאל האָט זייַנ קאָל אָפּגעקלונגענ. ווי א פייגל פונ א קוסט איז ארויסגעפלויגנ דער מיכלוווקסיקער בריגאדיר, טעוול בראנד, אונ געהויבנ די ברעזעטענע הייזנ, וואָס זייַנענ, ווי זעק, איבער די קני געהאנגענ.

— וועמענ? מיכ? דארפסטו? כאווער פּראָראב, אָט בינ איכ, „קאָרעטקע אונ יאסנע"

— טא־טא!—האָט נעסטעראָוויטש, ווי א ברייגעזודיקער, צו אים זיכ א קער געטאָנ אונ געשטיפּט מיט די כמורע אגרעס־אויגלעכ אונטערנ שליאפּע. געהאלטנ האָט ער די צייכענונג אנטקעגנ אים.

— דיכ, וועמענ־זשע אנדערש, כובטשיקל. פארקלייַבט זיכ אינ א קאָנורקע אונ גיי כרובע. קענסט זיי ניט באשפּריצנ מיט וואסער, די היציקע דייַנע. צוויי שאָ, אז מע דרייט זיכ, די שטאָט ווער זיכ דאָ באלד צונויפליִען.

טעוול איז ווי אנ אומשולדיקער געשטאנענ אנטקעגנ דעם פּראָראב, געריבנ א לעבעדיקע בלוט־שפּראָצנדיקע בארעדאָווקע אפנ מיטנ פונ דער קורצער דלאָניע, אונטערגעהויבנ אלע ווייַלע די הייזנ אונ פארביסנ געקוקט אפ יודקענ אונ אפ שימענענ.

— „קאָרעטקע אונ יאסנע", כאווער פּראָראב, א לאנגאָניקע מייַסע, מאכ דו מיט זיי א טאָלק. אפ א געוועט רופט וואפניק הרעבענטשיקנ ארויס. אנדערש וויל ער ניט. אָנ א געוועט וועט גאָרנישט זייַנ.

— אזוי גאָר!—האָט נעסטעראָוויטש זיכ א כאפּ געטאָנ וואזשנע, אז די שטרייענע שליאפּע איז שיר פונ קאָפּ ניט אראָפּגעפלויגנ. מיט דער צייכענונג האָט ער זיכ צוגערוקט צו טעוולס בויכ.

— אזוי גאָר, סובטשיקעס, פארוועטנ ווילנ זיי זיכ, שוינ לאנג באדארפט.

וועסט זיי שטעלנ מאָרגנ, כאווער בראנד, אפנ לינקנ פליגל צום פּאסאד צו. איכ וועל די טעשלער הייסנ א רישטאָווקע אונטערטרייַבנ. זע נאָר, מאָרגנ, אפ דייַנ פאראנטוואָרטלעכקייַט. רובינע אונ דאָלענקע גיב איבער—א מעלדונג זאָל זייַנ אופגעהאנגענ נאָכ הייַנט פארנאכט. אלע זאָלנ וויסנ.—ס'וועט זייַנ א טאָלק,—האָט טעוול אונטערגעהויבנ זיכ. מאָרגנ וועל איכ זיי צעשטעלנ, קאָרעטקע אונ יאסנע.

— נו, טאָ־טאָ—האָט פּראָראב, נעסטעראָוויטש מיט אנ אגרעס־אויגל צו אים א ווונק געטאָנ, אונ געלאָזנ זיכ גיינ מיט פאנאנדערגעלאָזענע פּאָלעס. די שמאָלע לאנגע האלדז האָט זיכ אונטערגעוויגט ווי בא א קעמל.

טעוול איז א ווײַלע געשטאַנען מיט עטוואָס אַן ארויסגעשטעקטן צונג, ווי א דריטע ליפּ. ער האָט דערמאָנט זיך אָן א פולן פארמישטן קעסטל מיט מאסע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזונ. און א ריסטאָנדיק זיך פונ אָרט, האָט ער צו יודקען און צו שימענען מיטן האנט געשאָקלט.

— איר זאָלט זיך גרייטן, „בויצעס”, מאָרגן אפּ א דועל גייט איר ארויס. א דועל פארן סאָציאַליזם.

יודקע מיט שימענען האָבן זיך ניט ווילנדיק איבערגעקוקט. אין איין מינוט, דאכט זיך, האָבן זיך באביידן די פּענעמער געביטן. בא דעם אלטן איז דער פּאָנעם ווי קאָרע הארט געוואָרן. די אויגן האָבן זיך מיט א טוי פארצויגן. בא דעם יונגן האָבן זיך צערונען די שטופּלען אפן פּאָנעם, די שווארצע פּאפּאכע האָר האָט פארדעקט די אויגן און געשאָסנט איבער א האלבער באק.

— אז־אָך־און־וויי מיט ווען ער דארף זיך אפן פארוועט שטעלן. ווען ער וויל, גייט ער גאָרניט.—און א קנייטש אפ זײַן שטערן האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי א קישקעלע,—ס'רעכט. אז ער וועט ערגער מאכן, אז ער וועט זיך אָפּזאָגן פונ שטעלן זיך מיט שימענען מאָרגן. מע וועט האָבן וואָס צו ריירן א לענגערע צײַט. גאנצע רעדלעך וועלן זיך קלײַבן—אָט איז דיר אן אלטער ספּעציאַליסט, סדרייפעט פאר א יונגן שנעק. גאָר אפ צוריק, אפ צוריק פויזעט ער, יודקע.

און צעוויגט איז ער געשטאַנען אפ זײַנע קורצע סטאנדארעס, געשטאָפּט די ליולקע די פארקאָפּטשעטע און ניט געהערט האָט ער, ווי שימען וואפניק האָט אים ווארעם אין אויער ארײַנגעזאָגט:

— איך וועל אײַך ניט אראָפּזעצן, רעב יודע, ניט אין קיינעמס אינטערעסן אײַך קאָמ־פּראָמעטירן. איר זײַט אזא באלעבאָס, ווי איך. מיר דארפן דערווײַזן, אז...

ניט דערריידנדיק האָט זיך שימען אָפּגעטראָגן גיך ווי א קלונג. ער איז אויסגעוואקסן אפ זײַן ווינקל, ווי א הויכער שטאנג און פונ ווײַטן אלץ געהאלטן דעם קאָפּ צו יודקען.— מיר דארפן דערווײַזן, אז... יודקע האָט זיך געוואָלט לאָזן נאָך אים. עס האָט זיך געוואָלט אָנכאפּן אים פאר זײַן שווארצער פּאפּאכע. דאן וואָלט אים גרינגער געוואָרן. צעוויגט האָט ער זיך געלאָזן גיין אהין, וווּ זוניק האָט זיך געשפּיגלט זײַן קעסטל צעמענט מיט א גראַ־ניטענעם בליאסק. זײַן גרונט־פּראגע, ליגנדיק אפן וואנט, האָט געוווּנקען צו אים מיט א קוועק־זילבער־אויגל ווי בא א פישעלע א צאפּלדיקס אפ א זוניקן ברעג.

הויך אינ הימל האָט זיך די זונ געקרײַזלט אינ א מעשענער ראָד און געקאפּעט מיט שטראלן ווי מיט צעשמאָלצענעם האָניק.

* * *

א קעסטל צעמענט איז קאפּטאָראָם געווען אָנגעשאָטן. א בערגל ציגל האָט רויט, ווי א פארלאָשענער ווולקאן, געטלײעט, געגריסט דעם הימל מיט א זאפרען רייכל. א ריש־סאָווקע, געל ווי וואקס, האָט זיך אנטקעגן געשפּילט און אָפּגעקלאפּט אין נאָז מיט א רויעך פונ שפּיגינאָר. אלץ איז געווען צוגעגרייט צום געוועט.

ווען אפן געבײַ האָט זיך נאָכפרימאָרגעדיקע שטילקײַט געשפּרייט און א טוי, ווי א זילבערנע הײַטל, איז געווען פארצויגן אפ ווענט, האָט נאָך דאן דער „פּראָראב” נעסטען

ראָוויטש אָפּגעמערקט 2 ווינקלען מיט גרינעם קרײַד,* און נאָכדעם, ווען טעוול דער בריגאדיר האָט זיך באוויזן, האָט ער אים אָנגעזאָגט:

— טאָ־טאָ, כאָוער בראנד, אפּ דײַנ פאראנטוואָרטלעכקײַט. צעשטעלט זיי אָנ קריוודעס, האָוויר מיטנ מאטעריאל, זיי זאָלנ זיך באָדנ אינ מאסע.

פּאָליע, דער טעכניק־פּראקטיקאַנט, וואָס איז מיט א פּאָר טעג צוריק פונ פּאָליטעכניקום אָנגעקומענ, איז נאָכגעגאנגענ דעם „פּראָראב״ נעסטעראָוויטש, ווי נאָכשמעקנדיק זײַנע טריט, א מאָל פינפ האָט ער באטראכט די אָנגעמערקטע ווינקלענ און האָט א זאָג געטאָנ, פארזײַסנדיק דעם שווארצנ „יאָזשיק״, וואָס האָט זיך בא אים געפודלט אפנ קאָפּ:

פונקט ווי אינ אנ אפטייק. גלײַכע ווינקלענ, מע קענ אפּ זיי שלאָגנ רעקאָרדנ, אז די וועלז אָל טרעסקענ, און א כיינדל טאָנדיק זיך אנטקעגנ, האָט מענ געקענט זענ, ווי עס שפּאלט זיך בא אים אנ אונטערשטע ליפּ און טיילט זיך אפּ צוויי. א שווארצ האָריקער איז ער פּאָליע, דער שטערנ שטעקט אויסגעפּוקעט איבערנ קורצנ פּאָנעם. די אויגנ זײַנע—ווײַטע פארכאָלעמטע און ס׳דאכט זיך אויס, אז זיי שטעקנ ערגעצ הינטער פּאטיליצע. ער האָט ליב פּינקטלעכקײַט, דער פּאָליע. ער רוקט אלע ווײַלע אנ אויער צום זייגערל, וואָס טשיקעט בא אים אפנ האנט, ווי א צווייטער פּולס, און ער טוט א זאָג פארמאכנדיק, ווי אינ כאָלעמנ, די שטערנ־לעכער:—טאָטשנע, ווי דער שטאָט־זייגער.

ער האלט, פּאָליע, אז מעסטנ די טעמפּנ דארפ מענ האָבנ פּינקטלעכקײַט, מינוט אינ מינוט, סעקונדע אינ סעקונדע. און ער שפּאנט אזוי געמושטירט. זײַנ אָנגעפּודלטער שווארצער „יאָזשיק״ ווארפט זיך אפנ קאָפּ ווי א לעבעריקער. די גרינע מײַקע קנייטשט זיך אפנ פּלייצע, און די ווײַסע זומער־טופליעס מיט די צעפליאמירטע נעזלעכ סקריפּענ אונטער.

— ניטאָ נאָכ די העלדנ,—האָט ער צום „פּראָראב״ נעסטעראָוויטש א זאָג געטאָנ, ארומקוקנדיק זיך אפּ ארומ און גערוקט דעם זייגערל צום אויער.

— זיי מוזנ זיך פעסטיקנ די פּראָנטאָוויקעס, זיי דארפנ הײַנט העלדישקײַט באווײַזנ—האָט דער „פּראָראב״ נעסטעראָוויטש אים אָפּגעענטפערט.

— טאָ־טאָ, דאכט זיך זיי גייענ! זע נאָר, פּאָליע,—אזוי האָט נעסטעראָוויטש צום טעכניקפּראקטיקאנט זיך א קער געטאָנ.—זע נאָר, דער יונגער איז שוינ דאָ. דער אלטער הרעבענטשיק מוז זיך אָנ שלעפּנ. דאכט זיך זײַנ „גענגעלע״, און פארלייגנדיק מיטנ דלאָניע א קאזיראָק אפנ שטערנ, האָט ער געזענ, ווי עס רוקט זיך שווער יודקע, ווי א גייענדיקער סלופּ. אונטער זײַנע קורצע סטאנדארעס הייבט זיך א שטויב און פּענטעט אים די טריט. פונ אלע זײַטנ איז מענ געשטאנענ אָנגעשטרענגט געקוקט, ווי דורכ שפּאקטיוועס, און איינער דעם אנדערנ גיט איבער ווי זעלנער אפּ א פּראָנט: זיי גייענ, זיי רוקנ זיך, א יאָ, זיי זײַנענ דאָ. ווײַל מע האָט זיך קיינער ניט געריכט, אז יודקע זאָל גאָר אינגאנצנ קומענ הײַנט אפּ דער ארבעט, ווײַל קיינעם האָט ער קיינ ענטפער ניט געגעבנ, צי ער גייט מיט שימענענ אינ געוועט, צי ניט. נעכטנ נאָכ דער ארבעט, ווענ אלע זײַנענ געשטאנענ ארומ דער ברייטער מעלדונג און געלייענט דעם ארויסרופּ פונ שימענ וואפּניק, איז ער, יודקע, אויכ דורכגעגאנגענ פארבײַ און האָט אפילע קיינ בליק ניט געוואָרפנ אינ יענער זײַט. ער האָט נאָר דאָוויד קעלנער געזאָגט: ס׳איז שווער ברעכנ דעם האָנער. ער וועט זענ איבער נאכט, ווי ס׳וועט ווײַזנ. און נערראכט האָט זיך אים, אז די גאנצע וועלט קוקט אפּ אים. געדיכטע רייכעס פונ א פרילינג־פארנאכט רייצנ און מאכנ אים שיקער און גיסנ אים אָנ, ווי מיט ווײַנ, ביז די שפּיצ פינגער — אינ די צײַטונגענ וועט מענ מיסטאָמע פּובליקירנ וועגנ געוועט.

אונ מע וועט זיכ דערוויסנ, אז ער, יודקע, מיטנ קאָמסאָמאָלעצ שימענ וואפניק זײַנענ אפ א דועל פארנ סאָציאַליזמ געגאנגענ.

אונ קיינ ענטפער אפ יאָ האָט ער ניט געקענט געבנ. עס האָט אפילע זײַנ ווײַב ניט געוווסט פארוואָס האָט נעכטנ יודקע פונ זיכ א האלבע וועטשערע אָפגעשטופט אונ זיכ ארײַנגעוואָרפנ אינ בעט, ווי ער שטייט אונ גייט. זי האָט ניט געוווסט, ווי עס ווארפט זיכ אינ אימ דאָס הארצ, פונקט ווי מע וואָלט אפ אימ עסיק אָדער פאטעקע געגאָסנ.

נאָר א פרימאָרגנ א פרילינגדיקער האָט אימ ניט געלאָזנ אײַנליגנ. מיט זוניקע שפילקעס האָבנ אימ די שלייפנ געקיצלט אונ אופגעהויבנ אימ פונ בעט. סירענעס האָבנ שוינ לאנג שטאָטישע לופט אופגעטרייסלט אונ געוואָיעט צעצויגנ, הונגעריק אונ בייז. לאנג האָט א רעלס אינ א קלונג זיכ פארכלינעט אונ ווי פונ א טיפנ הארצנ האָט זיכ א זיפצ ארויסגעריסנ:

— ניטאָ נאָכ יודקענ, ער האָט געדארפט שוינ הײַנט קומענ.

נאָר אָט גייט ער, ער רוקט זיכ, ווי א דירנדיקער סלופ. א שטויג וויקלט זיכ אינ זײַנע טריט.

— באָרוכ־האבאָ!—האָט פאלק דראהונ, דער הויכער, יאָדערדיקער מיט זײַנע לאנגע טרוקענע הענט א פלעסקע געטאָנ. אפ איינ פוס, ווי א בושל, איז ער געשטאנענ אונ אויסגעצויגנ די לאנגע האלדז.

יודקע האָט געשפאנט ווי א פראָנטאָוויק, ניט ארומגעקוקט זיכ אפ די זײַטנ. א ריינעמ הימל האָט ער אפ זיכ נאָר געזענ, א רויטנ שאָטנ ווארפט אָנ די געבײַ. ווי א גרויסע אָקעאנישע שיפ זעט זי אויס, די געבײַ. אונ אינ סאמע הייכ, ווי אפ א לייטערל, איז געשטאנענ רובינ, דער סעקרעטאר פונ פארטקאָמ, אונ געפאָכט צו אימ מיט דער האנט. די רויטע לעצלעכ אפ זײַנ כאקע־העמדל האָבנ זיכ געהוידעט.

שווער האָט יודקע זײַנ קאָרפוס אפ דער שטאגע געהויבנ, מיט א קרעכצ האָט זיכ די שטאגע אונטער זײַנע סטאנדארעס געבויגנ אונ ווי א ווינט האָט אימ געטריבנ אהינ צו יענעמ ווינקל, ווו עס האָט זיכ געבלאָזנ נעסטערעוויטשעס שטרויענע שליאפע. מיט אנ אונטערגעהויבענער סטולער פלייצע האָט ער זיכ דורכ רויכ אונ א קופע ציגל דורכ־געריסנ אונ געמאכט זיכ ניט הערנדיק צו די רייד פונ בריגאדיר טעוול, וואָס האָט אימ אָנגעזאָגט:

— אונטער אטוועס טרײַב, יודע,—אונטער ראדאָווניק, ניט העכער אונ ניט נידעריקער, „קאָליטשעסטווע” אונ „קאטשעסטווע” דערלאנג.

טויב האָט יודקע אָפגעקערט דעמ קאָפ אָנ א זײַט אונ באמ סאמע ווינקל אויסגעלייגט א כראקעלע, ווי א זילבערנעמ גילדנ. ער האָט ניט געערדט, רוקנדיק דעמ שאָרכנדיקנ פארטעכ אפ די אקסלענ. ער וועט נאָכ אימ אויסטרייסלענ אָנ אטוועס. א טײַערע שמאטע דעמ ערשטנ מאָל איז דאָס אימ טרײַבנ א ווינקל. אינ די גרעסטע פאָדריאדנ האָט ער געארבעט, אנ אויג דארפ האָבנ א מוליער, א שטאָלענעמ אויג אונ א פאָר וויאָרטקע לאפעס—אָט וואָס.

טעוול איז ארומ אימ שוינ ניט געווענ. אָנשטאָט טעוולענ איז געשטאנענ לעבנ אימ דאָוויד קעלנע מיט א פרימאָרגנדיקנ כיינ אינ זײַנ געלפײַגנ־בערדל. אזוי כאווריש האָט ער אימ ארײַנגערוקט א געלנ שטעכעדיקנ וואָנצ אינ אויער ארײַנ. אונ מיט א דינ הוסטל ארײַנגערעדט:

— ניט היצ זיכ, יודקע. יאָמקע נעמ זיכ, ניט האשע, וועסט געווינען, נאָר יאָמקע, וואָס ארט דיר, קהו, קהו.

יודקע האָט מיט א פינגער דעמ אויער א ריב געטאָן, אינ וועלכנ דאָוויד האָט אימ געהוסט אונ אָנגעקיצלט מיט געלנ שטעכיקנ וואָנצ, נאטוריסטע האָט ער מיטנ קאָפ א שאָקל געטאָן.

דאָוויד ווייס דאָכ, אז ער ווילֿ קענ ער פונ שימענען מאכנ א צוקער־לֿעקעכ. אונ ערנסט צעטראָגנ האָט ער אויסגעזוען, יורקע. דערזעענדיק שימען וואפניקנ שטייענדיק מיט א הוילנ האלדז אונ נאקנ איבערנ קעסל, האָט ער פונ זיכ אָפגעשטופט דאָווידנ, וועלכער איז נאָכ אלֿצ געשטאנענ לֿעבנ אימ:

איינ ארבל האָט יודע פארקאשערט, דער צווייטער איז געווענ אראָפגעלֿאָזנ אונ מיט דער האנט אינ דעמ אראָפגעלֿאָזענעמ ארבל האָט ער די לֿאָפעטע אָנגענומען, א וויג געטאָנ זיכ הינ־אונ־הער אונ איז געבליבנ שטיינ, ווי א סטאטוע איבערנ קעסל.

— מע קענ אָנהייבנ,—האָט טעוול בראנד א קאָמאנדעווע געטאָנ, דורכפליִענדיק פארביַ מיט א ווישקע אפנ פלייצע ווי א רײַטער.

טאָטשנע 10 מינוט אפ 9 האָט פאָלע דער טעכניק־פראקטיקאנט פונדערוויַטנס מיטנ זייגערל געשפיגלט.

— צײַט, צײַט, טאָ, טאָ! — האָט נעסטעראָוויטש אימ אָפגעענטפערט, שאָקלענדיק מיט א היילנ אָפגעגאָלטנ קאָפ, וואָס האָט געגלאנצט ווי בוימל. אונ א כאפטאָנדיק די שליאפע מיט דער צייכענונג פונ ווינקל, האָט ער זיכ מיט פאָליענ ארופגעכאפט אפ א פלאנקע פונ עלֿעקטרישנ הייבער, וואָס האָט א גרילצ געטאָנ אפ אראָפ מיט פוסטע קאראָנקעס פארלֿייגט.

צווי קערפערס האָבנ זיכ א בייג געטאָנ איבער קעסלֿעכ. צוויי וויַסע לֿאָפעטעס האָבנ זיכ א וויַסל געטאָנ אנטקעגנ דער זונ. ווי שטיקער קעז אונ פוטער האָט זיכ דער צעמענט געמישט מיט וואפנע, געשמאָקטשעט דעמ איַזנ פונ לֿאָפעטע מיט געדיכטע גראָבע ליפנ, געבלֿאָזנ זיכ אינ בולֿבעטשקעס, געזאָדנ, געקאָכט אונ געשלימט איבער די ברעגנ. יודקע האָט די קורטקע פונ זיכ אראָפגעוואָרפנ. דעמ טאטנס אלֿטע קאמזעלֿקע אראָפגעשלֿיַדערט. אינ איינ העמדלֿ איז ער געבליבנ שטיינ, ווי פונ לֿאזארעט ארויסגעקראָכנ. עס האָט זיכ געקלֿעפט די העמד צומ פיַכט־גליטשיקנ לֿיַב.

— פרעס, פרעס,—פלֿעגט ער אלֿע וויַלֿע ארויסקראקענ! ענערגיש געפאטשט מיט דער פראווילֿקע אינ א זיַט. אונ כאָטש מאטעריאל איז געווענ פארוואליעט, פלֿעגט ער דאָס ניט באמערקנ אונ הוקענ צו מאטאָשקענ דעמ ברוינעמ בריגאדיר פונ די טרעגער.—וואפנו, וואפנו, מאטאָשקא!

גאנצע בערג מאטעריַאלֿנ האָבנ אימ ארומגערינגלֿט פונ אלֿע זיַטנ. ער איז געשטאנענ ווי צווישנ גרויסע פעלֿדזנ. אלֿע וויַלֿע פלֿעגט ער אריבערשפרינגענ אפ א פעלֿדז אונ אפ גיכ א פלי טאָנ צו אנ אָפענעמ קראנ אונ א זשליאָקע טאָנ א קאלֿטנ טרונק וואסער מיט פארשמאכטע טרוקענע ליפנ. אונ מיט א נאסער, קאלֿטער אונ פארונענער האלדז פלֿעגט ער צוריק צווישנ פעלֿדזנ זיכ באהאלֿטנ אונ שווימענ אונ טרינקענ זיכ.

— ס'סמאליעט הא? — פלֿעגט דאָוויד קעלֿנע אפגיכ ארויספליִענ אנטקעגנ אימ מיט א פראגע־צייכנ. פאריסנ די שפיציקע נאָז אפ ארופ מיט א טרייסלֿענדיקער האנט פלֿעגט ער א גלֿעט טאָנ כמיַמקענ, זיַנ אפאָרניק, פאר דער טונקעלֿער קוקסע אפנ שפיצ קאָפ.

— זעסט, שפּונטשיקל, אים הייבט אָן פאַנאַנדערנעמען. אָט איצט דאַרף מען זיך היטן ער קען די וועלט פאַרמויערן.

— דערפאַר וועט ער דעם גאַנצן שטאָטישן „וואָדאָפּראָוואָד" וואַסער אויסזופן, א שיינע זאַך די שטאָט וועט איבער יודען בלײַבן אָן וואַסער — אַזוי פלעגט כײַים א שמייכל טאָן מיט א פאַרכאַסמעטן בעלמע־אויג.

און דאָוויד קעלנע איז געשטאַנען ווי אַף הייסן פּויסעק. ער האָט ניט געקענט זיך אײַנהאַלטן. אַלע ווײַלע פליט ער צו צו יודקעס ווינקל. מיט דריזשענדיקע אויגלעך, ווי בא א קראַטיק, גיט ער א צייל די פרישע ראַנדן און גיט א זאָג, שליגגענדיק סלינע:

— האַלסט פײַן, האַלט פײַן, 30 ראָנדן אונטערגעגאָסן, קימאַט גלײַך מיט אים ביזן הודאָק, אָהאָ, האָ.

יודקע האָט אַף אים פאַרביסן א קוק געטאָן. אַפן שפּיץ נאָז האָט זיך א שווייסעלע ווי אַן אַרבעסל אונטערגעטאַנצט און אַרײַנגעשלונגען אין האַלב־אָפענעם מויל. געזאַלצן פלעגט יודקע א שפּײַ טאָן און כאַפּן א בליק אַהין, וווּ עס האָט זיך געשפּיגלט שימען וואַרניקס הוילער האַלדז־און־נאַקן אַנטקעגן דער זון. ריטשקעלעך, ווי שנירעלעך, האָבן זיך איבער שימענס פלייצע געצויגן. אויסגעצויגן, ווי א סטרונע, איז ער געשטאַנען, געוואָרפן פאַר באַקאַנטע געפורעמטע ברויטלעך, געפליוכעט צעשוימטע זאַליוון מיט כמעטענע. די שוואַרצע פאַפּאַכע איז געווען עטוואָס אַראָפּגעלאָזן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער זופט פון דער זאַליוקע באַם אַרײַנגיסן אין בוט.

— עס שפּאַרט פון אים די זייל. ער האַשעט, זעסט, ער וויל זיך אויספּײַנען, — אַזוי האָט יודקע דאָווידן א זאָג געטאָן, אָנווײַזנדיק אַף שימענען מיטן פינגער. שימען האָט באַמערקט, ווי יודקע האַלט אַנטקעגן אים א צעגעסענעם פלעקעלע. יודקע האָט דעם פלעקעלע גלײַך צוגעכאַפּט און אַפן אָרט אָפּגעשטויסן דאָווידן מיט קאַעס.

— קלעק, וואָס דרייסטו א יאַרמלקע. לאָז צורו, מע וועט זיך אָן דיר ספּראַווען.

דאָוויד איז אָפּגעשפּרונגען אָנאַזײַט, ווי מיט אַן איבערגעקלאַפּטן פיסל, אַהין־און־אַהער האָט ער א נישטער געטאָן, און פונווײַטן אַלץ אונטערגעהיצט יודקען, טרייסלענדיק מיט א געלער אָנגעבלאָזענער האַנט.

— האַלסט פײַן, האַלסט פײַן, ביזן הודאָק, אָהאָ, אָהאָ, אַזש אין הימל פאַרקריכן.

א גאַנצן טאָג איז בא דאָווידן דער דאַשעק געווען פאַרדרייט. שטענדיק איז בא אים אַזוי, ווען ער איז צעכעדוועט. פאַרנאַכט, ווען מע האָט אונטערגעפירט די סאַכאַקלען פון טאָגיקן געוועט, האָט זיך בא דאָווידן דער דאַשעק צוריק גענומען שטעלן אַף זײַן אָרט.

די לופט איז געווען קילער, די לופט האָט גענומען איינציקע שטראַלן אַראָפּרײַסן פון דער ערד און זיי געשיקט צום האָריזאָנט.

א האַלבע שאָ האָט זיך דאָוויד געלאַסטעט פון איין ווינקל צום צווייטן, געציילט די ראַנדן אַמאָל צען נאָכאַנאַנד. אים האָט זיך געדוכט, אַז בא יודקען האָט מען א ראַנד אַרײַנגעלאַטכנט. פריִער האָט ער א זיפץ געטאָן, דערנאָך האָט ער א הוסט געטאָן און קוים א זאָג געטאָן:

— ריכטיק ווי דער טאָג! ביידע גלײַך.

עס איז געשטאַנען דער „פּראָראַב" נעסטעראָוויטש, רובין פון פאַרטקאָם און דאַלענקאָ פון אָרטקאָם. טעוול איז געשטאַנען אָנאַזײַט און געקוקט אין די שפּאַלטן פון די פיגעס. פאָליע דער טעכניק־פּראַקטיקאַנט האָט נאָר געקוקט אַף זײַן טשיקענדיקן זייגערל און צוגעטראָגן רובינען און דאַלענקען צום אויער זײַן צווייענדיקן פּולס.

— טאָטשנע צו צענ ראנדנ אינ א שאָ אונטערגעגאָסנ, „פאָ ווסעם שוואמ". ניט מער אונ ניט ווייניקער, ביידע גלײַכ ארײַנגעזעצט.

— ביידע גלײַכ,—האָט דאָוויד געהאמפעט די ווערטער אופגעכאפט אונ גלײַכ זיכ אָפגעקערט אָנאזײַט. ער האָט גענומענ זוכנ יודקען, וואָס איז מיטאמאָל אויסגערונענ. ער האָט אימ געוואָלט א טרייסט טאָנ.

— נישקאָסע, יודקע, מיט אונדזערע אלטע ביינער, אז מיר ווילנ, איז אָהאָ, האָ. מיר קענענ נאָכ אויכ א ציגעלע אינ א „פיאטילעטקע" ארײַנוואַרפנ.

ס'האָט אימ א צי געטאָנ אזוי דעמ געלנ דאָווידנ צו יודקענ—זײַנ בעסטנ אמאָליקנ כאווער. אימ האָט זיכ געוואָלט ארויספאָרקענ בא אימ אנ אויג אונ ארײַנשטעלנ א מער ליכטיקנ, א נײַעמ, אונ זאָל ער זענ, זאָל ער אליינ זאָגנ.

— אז מיר ווילנ, קאָנענ מיר אויכ טעמפנ דערלאנגענ. מע דארפ האָבנ א ווילער, אָכ, א ווילער. אונ נאָכ עפעס. דאנ וועט די וועלט טרעסקענ, קוקנדיק אפ אונדז.

אונ אופגעלויכטנ צעהיצט איז דאָוויד ארומגעפלויגנ, געזוכט יודקענ. ער האָט אימ קוימ געטראָפנ, פארטשעפעט די העמד אָנ א קאָלאָנע האָט יודקע געדרייט פונ איר דאָס זיבעטע וואסער.

— דו ביסט דאָ, איכ זוכ דאָכ דיכ.—יודקע האָט זיכ א טרייסל געטאָנ. די העמד האָט זיכ ארויסגעגליטשט פונ די הענט.

— האָסט ניט וואָס צו סומויענ, יודקע,—איז דאָוויד צו אימ צוגעפלויגנ אונ געכאפט דרייענ די העמד, וואָס יודקע האָט פונ האנט ארויסגעלאָזנ. דאָוויד האָט געמאָלנ גיכ, גיכ, אז א וואָרט האָט א וואָרט ניט דעריאָגט.—אכ, מאָלאָדטשינע, מאָלאָדטשינע, האלסט פײַנ, האלסט פײַנ. ניט ער אונ ניט דו. פאָליע זאָגט: פאקט ביידע גלײַכ—צו צענ ראנדנ אינ א שאָ.

אונ א צופרידנקײַט האָט געשפארט פונ דאָווידנ. געפרייט האָט ער זיכ מער פונ יודקענ.

יודקע האָט אינ דער ווײַלע גאָרנישט ניט ארויסגעוויזנ. אפ זײַנ פאָנעמ האָט זיכ נאָר די זוניקע בראָנזע צערונענ. די פרייד זײַנע האָט געמוזט זײַנ פארפרעסט אינ זײַנ פויסט, וועלכער האָט אָנגעזאָגט, אז עס איז נאָכ גאָרנישט. ער וועט נאָכ באווײַזנ ארבעט. ער קענ. אונ ניט באמערקט האָט ער אפילע, ווי ארומ אימ איז שימענ אויסגעוואקסנ. מיט דער האנט האָט ער יודקעס הייסנ פויסט אָנגענומענ אונ גערעדט צו אימ ווי גאָר ניט דערוועלבער

— באדארפט הײַנט א לעכײַימ מאכנ. עס איז ערשט אנ אָנהייב, יודקע. אנ אָנהייב פונ א גרויסנ געוועט. א געוועט ביז לעצטנ זיג.

יודקע האָט זיכ געמאכט ניט הערנדיק. ער האָט שימענס האנט ארָאָפגעוואָרפנ אונ פארקערט זיכ מיטנ פאָנעמ צו דער פארגייענדיקער זונ אפנ שפיצ טורעמ. ער האָט אָבער גלײַכ כאראָטע געקראָגנ. ער האָט געוואָלט שימענס האנט צוריק אופכאפנ, נאָר אָנשטאָט שימענס האָט ער אופגעכאפט דאָווידס האנט. אונ זי אזא דריק געטאָנ, אז טרערנ זײַנענ בא דאָווידנ פונ אויג ארויסגעשפרונגענ. אונ די געלע פײַגנ-בערדל האָט א קרעכצ געטאָנ:

— אוי!

די זונ האָט זיכ אלצ נידעריקער אפנ שפיצ פונ שטאָטישנ טורעמ גענומענ אָפזעצנ. אונ געדאכט האָט זיכ, אז די זונ ניט זי פארגייט, נאָר זי גייט אומ ווידער אפ דאָס נײַ. פלאמיק. צונטער רויט. אינ קאמפ מיט נאכטישנ טונקל, אינ געראנגל מיטנ שאָטנ פונ דער לעוואָנע.

ה. קאַמענעצקי

# לידער

ז. אַקסעלראָד

דרײַ דולע אויסיעס: .t. b. c. אַ צוג אַ לאַנגער.
מײַן גוף—אַ מאָגערער אַ דינער שטאַם.
היים, אַזוי בין איך פון דיר אַוועקגעגאַנגען,
מײַן לײַב אַוועקגעפירט צו זון, צו יאַם.

און איצטער איז אַפּסנײַ פאַר מיר דײַן הימל אָפן,
אַ שנײ באַשטראַלט דעם האַרטן וועג. איך גײ.
מיט שײַן און פרישקײַט איז מײַן בליק פאַרלאָפן,
פון אײן פרײַנט צו אַ צווייטן בלאָנקע איך אַזוי.

דער גליק צו האָבן פרײַנט איז אַלעמען געגעבן, —
איך גײ שטוב אײַן, שטוב אויס באַשײַנט מיט דעם־אָ גליק.
אָט עפן איך אַ טיר און כ'זע דערנעבן:
אַ לויטערן געזיכט, אַ גאַסטפרײַנטלעכן בליק.

אַ רגע. אַ מינוט—מיר זיצן שוין באַם טישל,
מיר ריידן אָן אַ צאָל, מיר פּלאַפּלען אָן אַ מאָס
און לעפעלעך נאַקלאַדנע מישן, מישן
דעם ווײַסן מעלצוקער אין יעדער גלאָז.

און איבער טישל האָט זיך אָנגעבויגן
מײַן כאַווערס זון—דער בלאָנדער פּיאָנער
און מאָלט אַ באַלעגופּ מיט גרינע אויגן,
אַ באַלעגופּ מיט אויגן פון אַ בער.

אַ רגע—און אַ פלאַם־העלט אויף אינמיטן צימער,
אַ דינער רויך פאַרציט זיך אינדערלופט.
צופרידן לאַכט מײַן כאַווערס זון און ס'הילכט זײַן שטימע
און ס'צאַפּלט זיך און ס'ברענט דער באַלעגופּ.

צעלאכן מיר זיך אויך און ס'ווערט געמיטלעך
פון אָט דעם רויך, וואָס וויגט זיך איבער מיר,
פון אָט דעם ווײַסן שנײיִקן געוויטער,
וואָס רעוועט ערגעץ דאָרטן הינטער טיר.

און כ'טראכט: מײַן פרײַנט דער קאָמאנדיר און רויטגוואַרדייער
דאַרף היימלעכקײַט, ווי אַלע מיר, און פרייד.
לעבן זאָל די פרידלעכקײַט, וואָס ווייעט
אַף מײַן כאַווערס האַרטן ביסן ברויט.

טראַכט איך. און די נאַכט אַ ליכטיקע, אַ גרינגע
באַלעבאַטעוועט באַם פענצטער אַפן שניי
און מיר באַם טישל מישן אַלץ און טרינקען
דעם שטאַרקן טיי.

אָפּגעטרונקען. זיצן מיר און טומלען
און די שטאָט אין פענצטער שפּרייט זיך ווײַס און קאַלט.
און כ'זאָג צו זיך: איך בין אַפּסנײַ אַהער געקומען,
אַ לעבעדיקער מענטש דערוואַרט זיך אַלץ.

נאָר ס'גייט די נאַכט מיט טריט פון אָנגעשטרענגטע ווײַזערס.
איך האָב מײַן פרײַנט פאַרלאָזן. כ'גיי אַהיים.
פון ביידע זײַטן—נײַע לאַנגע הײַזער,
בא יעדער הויז—אַן אײַנגעפלאַנצטער בוים.

איך גיי און קוק. ס'איז אַלץ דאָ אָפּגעפרישט געוואָרן
פאַר אָט דער צײַט, פאַר די פאַרגאַנגענע פאַר יאָרן.

גיי איך און דער מוילעד האָט זיך אָנגעבויגן
און פלוצלונג—ליבקנעכטס דענקמאָל ווײַזט זיך פאַר די אויגן.

כ'בלײַב שטיין. דער אויסגעהאַקטער דענקמאָל בלאַנקט דערנעבן
און כ'טראַכט: אַ לעבעדיקער מענטש-וועט אַלץ דערלעבן.

* *
*

מיר קענען זיך לאַנג. איך קען דיך גוט:
ביזט ניט ווי דײַן פרײַנט דער הויפּט-אינזשענער,
וואָס טראָגט אין די שלייפן גווירישן בלוט.
איך קען דיך פונלאַנג: ביזט ניט ווי ער.

ביזט ניט ווי דײַן פרײַנט, וואָס לויבט אָן א צאָל
דײַן ליבע, וואָס דו האָסט אים פריידיק געבראַכט,
דײַן ווינונג, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל
געברענט איבער מאַרקסן א גאַנצע נאַכט.

ווו ער האָט פאַרפלוכט זײַן אייגענעם שטאַם,
ווו ער האָט א זאָג געטאָן איינמאָל מיט פּײַן:
— ווער ס'קען ניט זײַן פריידיק אָט דאָ אין לאַנד,
זאָל יענער כאָטש מוטיק אַלעמאָל זײַן!

און ער האָט פאַרקלעמט זײַן פינצטערן האַרץ,
אין אײַזערנע לאַפּעס פאַרדרייט און פאַרקלעמט
און האָט זיך געזאָגט: — זאָל דײַן לײַב ווערן האַרט,
פון שווייסיקער מי זאָל זיך קלעפּן דײַן העמד!

און ס'האָט אים זײַן סייכל באַפוילן אַזוי:
— העלף בויען דאָס לאַנד, ביי שטעל זיך אין ריי!

— א שטיין מיט א ביין זאָל בלײַבן פון דיר,
זאָל ווערן פון דיר א באַרג מיט ערד,
אויב דו ווערסט נאָר זײַן ווי דײַן טאַטע דער גוויר,
אויב דו ווערסט נאָר זײַן אַזאַ ווי ער!

און ס'האָט זיך דײַן פרײַנט געלאָזן מיט אונדז.
ער האָט זיך געלייגט אינדערלענג, אינדערברייט,
אַבי זײַן געטרײַ אונדזער אַלעמענס זון
און ערלעך פאַרדינען זײַן ביסן ברויט.

אַזוי איז דײַן מאַן מיט אונדז אַוועק,
יך איבערגעשלאָסן אָפּ אונדזער וועג.

נאָר אָפּט, ווען א פראָסטיקע נאַכט פאַלט צו,
א זילבערנע שײַן גייט אָפּ אַלץ אַראָפּ,
פאַרבענקט זיך דײַן פרײַנט נאָך פרידלעכער רו,
פאַרבענקט זיך דײַן פרײַנט אַריבערן קאָפּ...

זײַן פינצטערע האַרץ אונטער העמד גייט אויס
נאָך היימלעכער ליכט, נאָך א רויִקער הויז.

ער וואָלט פאַר א פרוי מיט א שנייוויַיסן האַלדז
אַוועקגעבן דעמלט, וואָס ער פאַרמאָגט
און פאַר א קאַמין וואָלט ער אָפּגעבן אַלץ,
פאַר[illegible]ינקלען א פּאָר, [illegible]וו די קײַט נאָגט.

ער וואָלט מיט דערדאָזיקער פרוי יאָרנלאַנג
געשפּירט לעם קאמין א שנייוויַיסע שפּיל...
און זאָל אָט דער אומרו און ראש פון לאַנד
אפ שטענדיק אים אויסמיַידן אינדערשטיל...

נאָר אָט קרימט זיך אויס זיַין בלייכער געזיכט,
ער גיט זיך א וואָרפ און שריַיט צו זיך:

— א שטיין מיט א ביין זאָל בליַיבן פון דיר,
זאָל ווערן פון דיר א בארג מיט ערד
אויב דו וועסט נאָר זיַין ווי דיַין טאטע דער גזיר,
אויב דו וועסט פארבליַיבן אזא ווי ער!

זיַין פינצטערע הארץ נעמט שוויַיגן צוריק,
די היציקע בענקשאפט הייבט אָן פארגיין.
אזוי לעבט דיַין פריַינט אין שווערער קריג,
אין אייביקער קריג מיט זיך אליין...

נאָר דו ביזט אַן אנדערע. דו, זיַין וויַיב,
דו האָסט ניט געכאָוועט דיַין פוס אפ פארקעט,
מיט שראמען פון ארבעט צעהאקט איז דיַין ליַיב,
די הויט פון דיַינע הענט איז הארט ווי א ברעט.

ביזט ניט ווי דיַין מאַן. דו האָסט ניט זיַין ווונד...
עס האָבן שוין לאַנג בא דיַין טאטן אין שטוב
דיַין קאָפּ און דיַין הארץ געשלאָסן א בונד—
ניט פעלשן דיַין טאטן דעם שמיד ביזן גרוב.

און דיר איז דעריבער אזוי געטריַי
דער ראש פון פאבריק, ווו דו שטייסט באם ווארשטאט,
ווו ס'הילכט דיַין ליד, ווי אין כוידעש מיַי
נעמט הילכן דער פרילינג אפ צוויַיג און בלאט.

און ס'איז ניט קיין ווונדער וואָס דו העלסט
און וואָס דיַין יוגנט איז שטארק ווי ביין—
מיר האָבן די גליקלעכסטע זאך אין דער וועלט:
מיר האָבן פרידן מיט זיך אליין...

ביזט ניט ווי דיַין מאַן. דו האָסט ניט זיַין ווונד...
מיר זיַינען די גליקלעכסטע אונטער דער זון.

ע. גאָרדאָן

# ברויט און אײַזן

(ראָמאן).

(פאָרזעצונג)

## קאפּיטל פינף.

עטלעכע טעג נאָכאנאנד האָט געשאָטן א געדיכטער פּוכיקער שניי... די ערד איז ווי א מעכטיקע ווײַסע גאנדז געזעסן און געוואַרעמט אונטער זיך א גרינעם זומער...

אין איגנול־באיארע האָבן די פּויערים אָנגעטאָן די גרויסע בערענע פּעלצן און ארויס אין די הויפן באטראכטן די סטערטעס, די קלוניעס, די שטאַלן. פארדעקן אַלע לעכער ס׳זאָל ניט אָנשנייען... די פּויערים האָבן געשמעקט דעם פרישן ערשטן שניי, פון סטעפּ האָט שטיל געווינטלט און דער רויך פון ערשטן פרישן שניי האָט זיך אף די פּויערשע הויפן אויסגעמישט מיט ווײַניקן רויך פון אײַנגעפרעסטן היי, מיט געדרעשטענע פּאַלאָווע און מיט ווארעמען קיזיק פון די שטאַלן.

מענדל בורייקע האָט ארײַנגערוקט דעם קאָפּ אינעם פּאַטלאַטן גרויסן קאָלנער. באהאלטן דאָס בינטל געל־בלאָנדע האָר פון זײַן פּאפּעשוי־קאָלירטע בערדל, באטראכט דעם שניי און א טראכט געגעבן וועגן סטעפּ, וועגן זײַנע צוויי דעסיאַטינעס אוימע, וואָס ווארעמען זיך אונטערן שניי. ס׳איז אים גוט געוואָרן פאר דער ערד, וואָס ווארעמט זיך, פאר די זוימען, וואָס זיצן אונטערן ווײַסן שניי, פאר דער פּאַרע, וואָס ס׳שלאָגט פון שטאַל פון זײַן בעהיימע וואָס איז שוין נאָענט צום קעלבן.

— האָט עס אָנגעשאָטן... די ערד קריכט ארײַן ווי א פּעלץ—א־א־א,—האָט ער פאר־צויגן, ארויסשטעקנדיק דעם נאָז פון פּעלץ.

— ביז ווּעסנע וועט ער ליגן אזוי,— ענטפערן אים אָפּ אווראָם פּיטערמאן און יאָסע נאכוטין, וואָס שפּאנען איבערן גאס מיט די לאנגע פּעלצן ערגעץ.

— ס׳האָט אָנגעשאָטן,—ענטפערט זיי מענדל אָפּ מיט א שמייכל אין דער באָרד.

איבערן גאס פון אַלע זײַטן ציִען זיך פּויערים מיט לאנגע פּעלצן, שמייכלען אין די בערד און ריידן וועגן שניי. אונטער די ווארעמע פּעלצן, אונטער די פּאַטלאַטע האָר, ווו ס׳האָבן זיך פארטשעפּעט שטיקלעך שטרוי, פּאַלאָווע, שטעקן בא זיי ארויס פון די פּלייצעס טאַלייסים...

אין איגנול־באיארע איז הײַנט שאבעס. הירשע אַראָוו וועט הײַנט דאַווענען מיט זײַנע זין ארום אָמעד א צופרידענער פארן סטעפּ, וואָס ווארעמט זיך, פארן סטאַוואָק, וואָס וועט

זיך פרילינג ווידער אָנגיסן א פולער ביז אריבער דער הערבליע און מיט רעציכע רײַסן זיך אנטלויפן, ווי א יונגער זשרעבעץ אין סטעפ ארײַן. די יונגע פויערים מיישקע און כאַים בורייקע, יאנקעלע כאציעס מיטן גראָבן קורנאָסן נאָז און איצקע פיימערמאנ גייען איצט אלע אויסגעפוצטע אין די איינציקע שאבעסדיקע ציצענע העמדלעך מיט גארטעלעך און קוטאסלעך.

זיי גרייטן זיך פארנאכט אײַנשפאנען די שליטנס, אָנלייגן היי און פול געפאקטע מיט ווארעמע פון פראָסט פארויטלטע מיידלעך פאָרן אפ „וויפערעדקעס“ [1]) אנטקעגן כאָסן — אנטקעגן כאָנע דאנעס, וואָס האָט כאסענע פאר כאַים פעלמעס טאָכטער און נעמט איצט נאָדן די בעהיימע.

פארנאכט וועלן זיי, די יונגען, ווי א סטאיע מאָטילן ארויספליִען איבערן סטעפ מיט די שליטנס, מיט די פערד, מיט די מיידלעך, מיט קלעזמער און וועלן טאנצן.

לעבן בעסמעדרעש, ווו אלע פויערים מיט די טאליסים אונטער די פעלצן האָבן פארקערעוועט, האָבן אויך פארקערעוועט די יונגע פויערים.

אין א רעגע ארום זײַנען ארײַן אראָוס זיך אין גרינע העמדלעך מיט קוטעסלעך, אויבן מיט שווארצע רעקלעך, זיי וועלן חײַנט זינגען מיט הירשען, האָבן זיי דערפאר מיט קיינעם ניט גערעדט. פאר זיי איז אָנגעקומען הירשע, אנטקעגן האָט זיך אים פארנויגט דער שולץ מיט זײַן ווײַס בערדל, וואָס ער האָט צו שאבעס צו נאָך מער אונטערגעהאקט קימאט ביז דער נאקעטער מאָרדע.

דער שולץ האָט אָפגעגעבן הירשען גוטשאבעס, נאָכדעם האָט ער אָפגעגעבן גוט־שאבעס די איבעריקע פויערים... ער האָט זיך אווײַלע ארומגעדרייט. נאָכדעם איז ער צוגעגאנגען צו הירשען, זיך ארומגעקוקט אין אלע זײַטן און שטיל גענומען מיט אים עפעס ריידן.

אין א ווײַלע ארום האָט ער ארויסגענומען א פאפירל פון קעשענע און טײַטלענדיק גענומען לייענען יעדער וואָרט.

הירשע איז געבליבן א צעשראָקענער. פונקט ווי א האָגל זאָל פאלן אפ זײַן סטעפ, האָט עס געראשט איבערן קאָפ.

— פיר זיך באקומט זיך, דארף איך...

— ש־ש־ש! — האָט דער שולץ אים אָנגעכאפט פארן ארבל, — ששש־שטיל, נאָר שטיל בעט איך אײַך, אומשאבעס פאסט ניט צו מעלדן.

— וואָס האָט איר ניט געזאָגט, וואָס פאר א שולץ זײַט איר? פון די באלעבאטים ווילט איר אײַך אויסבאהאלטן, ס'איז אײַך דער כוטער, וואָס? — איך בין אויך געווען אמאָל שולץ, איך פארשטיי אויך אין גאָסודארסטווענע זאכן — האָט הירשע שטארקער גענומען שרײַען.

— ש־ש־ש, — האָט דער שולץ זיך געבעטן, — הײַנט אפ דער כאסענע בא די כוטראנצעס וועל איך לייענען דעם „פריקאז“.

— איר ווייסט, וואָס הייסט אין א באלעבאטישקײַט בלײַבן אָן פיר פאָר הענט, — האָט ער גענומען ווישן די גרויסע סיוולעכע באָרד, וואָס איז געווען פארסליונעט.

— איר וועט צופאָרן מיט מיר אפ דער שאכטע, וועלן מיר רעכט מאכן... א פאָר פעסעלעך ווײַן גרייט צו...

---

[1]) וויפערעדקעס — הייסט פאָרן אפ איבערייאָגן איינער דעם צווייטן.

הירשע האָט אים עפּעס געזאָגט אין אויער און ער האָט צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— כ'וועל טאָן... כ'וועל טאָן.

— די כוטעראנצעס — האָט ער אין א ווײַלע ארום אָנגעהויבן, — כ'וועל זיי ארויסיאָגן פון די קורניקעס. קיין שטײַער צאָלן זיי סײַווי ניט, זאָל זיך זייער געביין ניט וואלגערן אין די קורניקעס, סײַווי האָבן זיי ניט וואָס צו טאָן.

אפן שוועל פון בעסמעדרעש זײַנען געשטאנען פויערים, געקוקט צום סטעפּ צו פאַרבײַ כוטער, אלע האָבן געוווסט, אז אין כוטער אונטער די ערד־שטיקלעך, וואָס ליגן פאַרשאָטענע מיט שניי ווי פארלאָזטע סטעפּישע מאָהילעס, וועט הײַנט באנאכט, ווען די שטערן אין הימל וועלן זיך אָנצינדן, זײַן פריילעך.

פון בארג, פארבײַ כוטער, האָבן זיך גענומען אראָפּלאָזן עפּעס מענטשן — איבערן שנייִקן סטעפּ האָבן זיך זייערע פלעקן דײַטלעך אויסגעטיילט בורע מיט גרויסע מאָדנע היטלען.

נאָכן גאנג נאָך זייערן האָט מען דערקענט, אז דאָס דארפן גיין די שאכטיאָרן מינאסטאם.

דורך דער באלקע פארבײַ דעם כוטער זײַנען זיי ארויס און געבליבן שטיין אנטקעגן בעסמעדרעש.

דער ערשטער איז געגאנגען מיכקע סיביריאַק, לעבן בעסמעדרעש האָט ער זיך הייך און גײַהעדיק צעזונגען, און זאָל אינגול־באיארע הערן.

„Я не п'яница и я не вор
Я честный труженый шахтёр".

— זעסט אפ דעם נאהײַעצ, — האָט עמעצער פון די פויערים אָנגעוויזן, — ער איז שוין, דער טײַוול, א שאכטיאָר געוואָרן.

— ווער איז עס? — האָט דער שולץ, וואָס איז געשטאנען אָנאזײַט מיט הירשען ארום אָמעד און אלץ געראָמט אים אין אויער ארײַן דעם סאָד, — זיך א כאפּ געטאָן.

— מיכקע סיביריאַק — האָט בורייקע אָנגעוויזן מיטן פינגער.

— ער איז שוין מיט די שאכטיאָרן אויסגעבונדן.. א שעד גלײַך מיט זיי אונטער דער ערד — האָט פּיטערמאַן מיט א יעכידנעם שמייכעלע זיך אײַנעסנדיק דעם שולץ אין פּאָנעם ארײַן א זאָג געטאָן.

— אז ייִדן ווילן ניט דינען, — האָט מענדל בורייקע אפּ צעלאָכעס דעם שולץ און הירשען גענומען ריידן, — גייען זיי צו די שאכטיאָרן און נאָכדעם זאָגן זיי, — האָט ער א ווינק געטאָן צום שולץ, — אז זיי ווערן אויס ייִדן, מ'שיקט אים אליין אהין. אין די שטאלן נעמען אונדזערע באלעבאטים ניט קיין ייִדן — אָן גייט אויס א כוטער פון הונגער, ארט עס עמעצן.

— זאָלן זיי אויך גיין אין שאכטע, זאָלן זיי גיין אהין. א ייִד וואָס פארמאָגט? א פּאָר קליאטשעס, — האָט אווראָם פּיטערמאַן ווידער גענומען פארכאפּן.

הירשע אראָוו האָט די גאנצע צײַט זיך ארומגעדרייט א צעטראָגענער, ער האָט זיך אײַנגעהערט, וואָס די פויערים ריידן און נאָכדעם איז ער צוגעגאנגען טאמעוואטע, ווי ניט אים וואָלט מען פארירט, און אָנגעהויבן.

— אז זיי ווייסן פּאָרט, אז מע דארף ארבעטן, און א ייִד האָט ליב ריידן. — כ'האָב אים געהאלטן א יאָר צײַט, געוואָלט א ייִדיש קינד פאר א מענטשן מאכן — א ראכמאָנעס

פאָרט. דרעלעוועט ער, ווי אנ אָקס... ווי א מיל, זאָג איכ אײַכ, מאָלט עס, צווײ ברויטלעכ שטארבנ אָפּ אינ אײנ צווּעצ באַם טיש.—מײַנע קענ זיכ ניט אָנדראָסטאטשענ... האַלט אזעלכע...

— איכ האָב אויכ געהערט,—האָט אווראָם ארײַנגעשטעקט זײַנ לאנגלעכנ אויסגעדרייטנ נאָז, ווי א פּיקהאָלצ און ארײַנגעוואָרפנ א וואָרט,—כ'האָב עס אויכ געהערט. דער גאנצער דאָרף ווייס, אז ער עסט אסאכ. וואָס איז שײַעכ צו ריידנ, הײַנטיקע צײַטנ איז גערעכט רעכ הירשע. ווי קענ א ייִד דינגענ א ייִדנ. א באלעבאטישקײַט פאָדערט קעסיידער טאָנ און א ייִדנ וועסטו שאבעס ניט הייסנ טאָנ.

די פּויערים זײַנענ זיכ ביסלעכווײַז און איינציקווײַז צעקראָכנ איבערנ בעסטעדרעש, צעשפּיליעט די גרויסע טולופּנ, ארויסגעשטעקט פונ דאָרט א שפּיצ פונ טאלעס, א קוש געגעבנ—ווער ס'האָט נאָכ פארגלאָנצט די אויגנ דערצו און ווירבלענדיק, ווי א שטילער ווינט אינ וועלדל, גענומענ שעפּטשענ...

הירשע מיט זײַנע זינ האָבנ זיכ אויסגעשטעלט ארום אָמער און הויכ און הילכיק גע־זונגענ. די פּויערים האָבנ קוקנדיק אפ הירשענ זיכ גענומענ שאָקלענ.

הירשע האָט מיט אלע זײַנע אייוורים געריסנ זיכ הויכ פונ דער ערד צום רעבוינע־שעלויליעם און אלצ געמאָנט שניי פארנ סטעפּ. לינדע פרעסט, א וואסערדיקנ פעטנ פרילינג און אסאכ קליאָק פאר דער ערד, פאר זײַנע בעהיימעס—זיי זאָלנ געבוירנ קעלבלעכ, גאָלע קעלבלעכ זאָלנ זיי געבוירנ, פאר זײַנע פערד און ווילשטאנד פאר זײַנע זינ, זיי זאָלנ ארבעטנ מיט אים אינ סטעפּ געזונטערהייט. און אלע פּויערים, וואָס זאָגנ אים נאָכ און שאָקלענ זיכ נאָכ אים, דוכט זיכ אים אויס, בעטנ אויכ פאר אים, פאר זײַנע בעהיימעס דערפאר דאווּנט ער נאָכ מער באהארצט.

אינמיטנ דאווּנענ, ווענ הירשקע האָט געגלאָצט מיט די אויגנ, געמאכט מיט די הענט, געציקלט זיכ, אָט ווײנט ער און און אָט טײַנעט ער, איז ארײַנ אינ שול האלקע אבערעטקע דעם שוסטערס טאָכטער. זי איז געקומענ אהער לעשנ די ליכט אינ גלײַכ נאָכ איר איז ארײַנ מיכקע סיביריאק. ער איז געווענ עטוואָס שיקערלעכ. זײַנע ווילד־צעפּאָרענע שווארצע אויגנ, ווי צווײ זומערדיקע שווארצע זשוקעס, האָבנ זיכ ארומגעטראָגנ איבערנ בעסמעדרעש און פאריכט די פּויערים, וואָס האָבנ ניט געשאָקלט, און יעדער באזונדער פונ זיי האָט געוואָלט אויסשרײַענ:

— וואָס דאווּנסטו ניט, וואָס? וואָס לויפּסטו נאָכ ווי א בעקל נאָכ א קעלבל?

האלקע האָט זיכ אופגעהויבנ הויכ פארלעשנ די ליכט. דער בעסמעדרעש האָט זיכ אלצ געשאָקלט און געהאלטנ באַם ענדיקנ דאווּנענ... הירשע האָט אלצ געשריִענ, געמאָנט א גע־דיכטנ שניי און ווענ ער האָט מיט אלע אייוורים דערפילט, אז ער טראָגט זיכ צו גאָט, האָט ער איבער זײַנ קאָפּ דערפילט, ווי האלקע האָט זיכ אוועקגעשטעלט די ליכט לעשנ. ער האָט אופגעעפנט זײַנע פארמאכטע פרומע אויגנ און דערזענ איר גאנצע פרויענ־נאקעטקײַט. ס'האָט א זאָט געטאָנ אינ אים דאָס בלוט, און ער האָט גענומענ הייבנ די אויגנ. א רענע און די זינ האָבנ עס באמערקט, האָבנ זיי אויכ אופגעהויבנ די אויגנ און נאָכ זיי נאָכ עטלעכע פּויערים.

מיכקע סיביריאקנ האָט עס א ברי געטאָנ אינ די אויגנ און זיי האָבנ זיכ אים גענומענ אָנגיסנ. דער ברוינער שווארצער פּאָנעם ביז די סקולעס האָט גענומענ פלאמענ. ער האָט געוואָלט אויסשרײַענ:

— וווּהינ קוקט איר, וואָס דאווּנט איר ניט?!

נאָר זי איז אראָפּ, אויסגעלאָשן די ליכט און דורך די הויפן, פאַרבײַ די סטערטעס זיך געלאָזן גיין גיך, גיך איז זי געגאנגען, עפּעס האָט ער געוואָלט מיט איר ריידן און ניט געוווּסט ווי אָנצוהייבן. דער צונג איז אים ווי שטײַף געוואָרן און ס'איז אים, דאכט זיך, וואַרעם געוואָרן, ווי ער וואָלט לעבן א הרובע געזעסן.

די פּויערים אין די טולופּן האָבן זיך צעשאָטן איבער די הויפן, זיך געלאָזט אהיים צו די שטאַלן, צו די ווײַבער און צו די בעהיימעס.

אים דוכט זיך אויס, אז זיי יאָגן אים ערגעץ נאָך און זי גייט האסטיק, טראסקעט אין שניי און קערט זיך אפילו ניט אום, פונקט ווי זי באמערקט אים ניט, אָדער זי אנטלויפט פון אים.

לעבן סטאוואָק, אין ערד־שטיבל איז זי אריין. מיכקע האָט זיך האסטיק געלאָזן נאָך איר גלײַך אין שטוב אריין.

איבערן שניי, ארום באלקע, האָבן זיך ערגעץ געוואלגערט די שאכטיאָרן שיקערע, און די יונגע פּויערים, וואָס גייען היינט פון שול, וועלן זיי שיקערהייט שלאָגן.

זינט אינגול־באיאָרע שלאָגט זיך מיט בורלאצק פאר דער באלקע האָבן די באלעבאטים איינגעפּירט, ווו מ'קען כאפּן א שוואכן שיקערן ניטיִדן, שלאָגן אים.

די פּויערים טראפּקען איבערן שניי און דער שניי זויבערט איבערן סטעפּ, איבער די דערפער. דער פלאנטאזש, ווי מיט מײַ־בליִונג א באשאָטענער, שטייט א שטילער, א בארויטער. איבערן בלויען הימל הענגען דינע ווײַסע וואָלקנדלעך צעגאָסן, ווי שוים פון קאָכנדיקע מילך. א קאַלטע צעגאָסענע זון הענגט און שפּרייט א ראָזע שײַן איבער דער אומענדלעכער ווײַסקייט פון סטעפּ.

וואָס נידעריקער די זון לאָזט זיך אראָפּ, אלץ געדיכטער ווערט די רויטקייט אפן זײַט הימל, אלץ העלער שפּרינקלט די ראָזקייט און די שניי־גלאנצן פון ווײַטן, ווי גאָלדענע רייפעלעך, און פינקלען אין געדיכטן בלויען אָוונט אריין.

אין די הויפן האָט מען איינציקווײַס זיך גענומען גרייטן צום ארויספאָר.

מ'האָט אויסגעקעמט און פארפלאָכטן די פערד די גריוועס, אונטערגעבונדן די וויידלען, באהאנגען די נאריטניקעס אין קוטוסן מיט קאָלירטע בענדלעך, אויסגעפלאָכטן גרינע קרענץ פון זײַדענע היי, אָנגעשאָטן פולע שליטנס היי, אויסגעשמירט די בײַטשן זיי זאָלן קנאלן אין איינציקווײַז, פול געפּאקטע שליטנס מיט טומל און גערודער, זיך געלאָזט אין גאס אריין. די ערשטע זײַנען ארויסגעפאָרן הירשע אראָווס זון א'סאק, אבע, אווריעמל און אניע—דעם שולצס טאָכטער.

אפן צווייטן שליטן זײַנען ווידער געפאָרן זײַנע זין מיט צוויי דיקלעכע באלעבאטישע פארוויטלטע מוידן, ארויסגעפאָרן זײַנען זיי לאנגזאם, אָנשטײַפנדיק די לייצעס אין די הענט.

גלײַך נאָך זיי זײַנען ארויסגעפאָרן אווראָם פּיטערמאנס זון איציק, אַליק איינס נאָך איינס, האָבן זיך א לאָז געטאָן שליטנס מיט אָפּגעקאָרמעטע פעטע פערד.

אפן ווײַסן שניי האָבן זיך באוועגט גיך, גיך שאָטנס פון שווארצע, הניאדע ברוינע און קאשטאנענע פערד.

— נאָ, יו... נאָ, פּאָשלי... ווּפּעריאָד... יו דעטקי, יאָגט... קודי—הערן זיך אויסגעשרייען. פון יענער זײַט הרעבליע, איבערן גאנצן ברייט פון סטעפּ האָבן זיך צעשאָטן די שליטנס.

און די פערד האָבן זיך אויסגעצויגן, אוועקגעלייגט די אויערן, פאריסן די וויידלען און טראָגן זיך איבערן קלאָרן בלויען אָוונט, ווי זיי וואָלטן שווימען און וואָלטן נאָר אָפּקלאפּן זיך מיט די שפּיצן פון די קאָפּיטעס אָן שניי.

די כוטעראנסקע קינדער זײַנען ארויסגעלאָפּן פונ די הײַזער אינ שמאטעס אונ רעדניעס. אײַנגעוויקלטע אינ אלטע צעריסענע מאנטלען, אינ זעק אונ אינ שקראבעס, זײַנען ארופּגעקראָכן אפ די דעכער. די פּויערים אינ טולופּן זײַנען ארופּ אפ די קלוניעס אונ געקוקט. די קינדער האָבן געשריִען:

— אָנ יענער יאָגט אריבער... ווי ער יאָגט, ניינ, ניינ, זעסט... עהע, אָנגעיאָגט. אכ, לויפן זיי, פּאָשלי... פּאָשלי.

די פּויערים זײַנען פּאמעלעכ אראָפּגעקראָכן פונ די דעכער אונ זיכ אָנגעהויבן זאמלען אינ כוטער. דער אלטער דאָנע איז געווען אופּגעלייגט.

ער איז געשטאנען מיט זײַן טרײַבל אונ זיכ אליינ געריכט שפּילן אפ זײַנ זונס כאסענע.

ער איז געווען אנ אלטער ניקאָלײַעווער סאָלדאט אונ געקענט שפּילן עפּעס א סאָלדאטסקע. צו אים האָט מענ געבראכט צוויי רימפּלער אונ א הארמאָשקע פונ בערלאצקי. צום לעצטן האָט עמעצער פונ די פּויערים געבראכט א גראמאָפאָן.

העט, שפּעטער, אז עס זײַנען שוינ געשטאנען אסאכ פּויערים, פּויערטעס, אויסגעשטעלט אונ געווארט די שליטנס מיטן כאָסן זאָלן אָנקומען אונ די רימפּלער זאָלן יעדערער אפ זײַנ אויפן, אפ זײַנ ניגנ א שפּיל טאָנ, איז צוגעקומען הירשע אונ דער שולצ. הינטער זיי זײַנען געגאנגען אווראָם פּייטערמאנ אונ יאָסיע נאכוטינ.

— וו וועט עס זײַנ די כאסענע?—האָט הירשע א פרעג געטאָנ.

— אינ שטוב,—האָט דער אלטער דאָנע, וואָס איז געשטאנען אונ אופגענומען די געסט, א ווײַז געטאָנ.

— ס'איז א מוירע ארײַנצוגיינ. ס'קענ נאָכ אײַנפאלן,—האָט הירשע מיט א באהאלטענעם שמייכעלע א זאָג געטאָנ.

— דער דאכ בויגט זיכ טאקע,—האָט אונטערגעכאפּט אווראָם פּייטערמאנ, וואָס איז געגאנגען גלײַכ הינטער זיי אונ אונטערגעהערט יעדנ וואָרט, וואָס זיי האָבן גערעדט.

ערגעצ אונטערנ בארג האָט מענ געזען, ווי די צעיאָגטע שליטנס יאָגנ ווי נאכט-שווארצע פלעקנ אונ דערנעענטערנ זיכ אהער מיט די שליטנס, ס'פּאָרט דער כאָסנ דאָנעס. ער זיצט אפנ שליטנ מיט די שטיוועלעכ, מיט די הויכע כאָלעוועס, וואָס ער האָט אָנגעטאָנ דאָס ערשטע מאָל אפ זײַנ לעבנ אונ גלעט עס.

כאָנע דאָנעס האָט זיכ מיטאמאָל געגעבנ א שטעל, פארגעסנ אָנ זײַנ קאלע, אָנ זײַנע שטיוועלעכ אונ זיכ א וואָרפ געטאָנ צום אָנטרײַבער.

— גיב מיר טרײַבנ די פערד, גיב מיר די בײַטש, כ'האָב ליב פערד. כ'האָב נאָכ קיינמאָל רעכט ניט אָנגעטריבנ.

— ביסט דאָכ דער כאָסנ,—האָט אים כאִים פעלטעס, דער מעכוטנ, אינ גרינעם פעלצל, וואָס שמעקט מיט בעהיימישנ קיזיק, א שלעפּ געטאָנ בא דער האנט. כאָנע האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ זײַנ ברודער מיישקע, וואָס טרײַבט אָנ אונ גענומענ רײַסנ בא אים די לייצעס.

— זעצ זיכ אוועק, וואָרעם... איכ... ביסט דאָכ דער כאָסנ. אפ מײַנ כאסענע בינ איכ אויכ געזעסנ.

— גיב, גיב,—האָט זיכ כאָנע גענומענ בעטנ.

כאָנע האָט אלצ געריסנ זיכ צו די פערד אונ נאָכדעם האָט ער זיכ אוועקגעזעצט אונ געבליבנ רויִק זיצנ. אים האָט זיכ פאָרגעשטעלט, ווי ער וועט ווערנ באלעבאָס, אז ער וועט כאסענע האָבנ. ער וועט האָבנ א פּאָר פערד אונ א ווײַב, אונ א בעהיימע. ד,

בעהיימע וועט האָבן א קעלבל און די פערד וועלן האָבן לאָשיקלעך און ער וועט פאָרן מיט דער ווײַב אף דער פור און וועט אלײן אָנטרײַבן. ס'איז אים פריילעכער געוואָרן. ער האָט דורך דעם דערפילט די פרייד פון זײַן כאסענע.

די שליטנס זײַנען דערווײַל נאָענט צוגעפאָרן. הירש אראָוו האָט זיך געגרייט דורכפירן כופע־קעדושע. זאָל זײַן א כוטעראנעצ, נישקאָשע, ער האָט ליב כאסענע מאכן מיט טשנ— ס'וועט אמאָל צונוצ קומען. זאָל דאָס דאַרפ געדענקען, אז ער האָט זיי כאסענע געמאכט, ער וועט וואָס מער כיילעק ארײַנלייגן אין זייער לעבן.

— האריי אט מעקורעשעס...—האָט הירשע אָנגעהויבן זינגען.

— דע ניע פאַ נאשעמו,—האָט עמעצער פון די שאכטיאָרן זיך אָפגערופן.—פארצי די הארמאָשקע, א פריילעכס דערלאנג.

— שטילער, טרײַבט אוועק די שאכטיאָרן—איז צוגעלאָפן אווראָם פייטערמאן.

אינמיטן זאָגן האָט הירשע דערזען, אז די האלעפופניקעס זײַנען ארופ אף די פערד און זיך גענומען טראָגן אף די שליטנס.

— יוהין, אראָפ פון די פערד, א ריך אין אײַך און אין אײַערע טאטנס... וואָס האָט מען געלאָזט די פערד אזוי,—האָט ער זיך געלאָזט לויפן.

— זע נאָר אף זיי,—איז אווראָם פייטערמאן אלעווײַלע צוגעלאָפן און געקנייטשט מיט די פלייצעס.

— אָט א פאָהיבעל אף זיי.

— ס'איז דאָך זייערע פרײַנט,—די כוטעראנצעס—האָט הירשע שטיל א זאָג געטאָן און געוואָלט א ווינק טאָן צו זײַנע קינדער, אז זיי זאָלן אוועקגיין און נית טאנצן מיט די שיקורים — די שאכטיאָרן, נאָר ער האָט באמערקט, אז זיי האָבן זיך אויסגעפאָרט זײַנע זין, אוועקגעזעצט א קלעזמער און גענומען טאנצן א יִדישן „שער". א מאזלטאָוו. נאָר די שאכטיאָרן, די באטראקעס, די געקומענע פויערים פון בורלאצק האָבן ארײַנגעריסן זיך מיטן האָפּטשאק, ארײַנגעצויגן די כוטעראנצעס, וואָס האָבן סטאם געדריגעט מיט די פיסלעך. די כוטעראנצעס האָבן געכאפט פויערים, וואָס האָבן זיך געדרייט מיט די שווערע טולופן, און די פאָלעס זייערע האָבן זיך געשלעפט און געפּלאָנטערט אונטער די פיס.

— קום, מענדל, קום... קום... צען טשעטווערס האָסטו געקראָגן פון א דעסיאטין. קום... קום...

— קום, יאָסע,—האָט א צווייטער געשריִען,—א קאלב וועסטו האָבן, קום.

— קומט, פויערים, א שניי ליגט אף דער אָזימע.

— עכ... טיו, הוט... טיו—האָט איינער געוואָרפן די היטל.

— קום, אווראָם, קום, בענציע, קומט, יאָסקע, — האָט מיישקע כוטעראנעצ געשריִען,— קומט, ווײַבערײַ, ריקלע, פעלטע, כיענע—קומט.

— שפילט, קלעזמער!

— Як пошли гайдамаки...

האָבן די שאכטיאָרן אָנגעהויבן און געהעפעט.

אין קאָן האָט מיכקע מיטאמאָל דערזען האלקען. האָט ער זיך א וואָרפ געטאָן, ארויס־געריסן זי בא א געשטופלטן שאכטיאָר, א כאפ געטאָן פארן אָרעם און איז אוועק מיט איר אין קאָן.

דער שולצ איז אלצ ארומגעגאנגען אָנאזוײַט און זיך געטוליעט, קיינער זאָל אים נית באמערקן און אלצ געזוכט כאָנע דאָנעס דעם כאָסן, מיישקע און רוווקען פון כוטער. אלע

ווײַלע, ווען זיי האָבן זיך א דריי געגעבן און צוגעקלאפט מיט שווערע פויערישע שטיוול, האָט ער א טאַפּ געטאָן אין קעשענע דעם „פריקאז‟, וואָס ער דאַרף הײַנט אויסלייענען. און וואָס מער זיי האָבן זיך געפרייט, אלץ בייזער איז ער געווען, אלץ מער האָט זיך אים געוואָלט גיכער אויסלייענען זיי, ווי א שטראָף, וואָס זיי הוליען, וואָס די שאכטיאָרן העפּע אפ דער יידישער כאסענע, וואָס זיי האלטן זיך ניט לויטן דין, ווי ער—דער שולץ האָט ליב.

— טיו... טיו... טיו,—האָט כאווקע געשריִען, העפּעט פארשטײַפּט די פויסט און זיך גענומען קלאפּן איבערן קאָפּ.

— עכ, שפילט, דאַווײַ... דאַווײַ... שפילט—טיו, טיו... טיו, טיו—האָבן עטלעכע מיטאמאָל גענומען שרײַען, ווי זיי וואָלטן שרעקן עמעצן—טאנץ, כאָנע דאָנעס, טאנץ, האָסט הײַנט כאסענע, טאנצט, כוטעראנצעס.

די טולופּן, די צעריסענע זעק פון די האָלעפּופּניקעס, די רישאָ פון די שאכטיאָרן, אלע צוזאמען האָבן ווי שניי אין א דריי־ווירבער זיך געמישט.

פּלוצים האָט דער שולץ אינמיטן דריי־ווירבער זיך אוועקגעשטעלט, צענומען דעם „פריקאז‟ אנטקעגן דער לעוואָנע.

— שאט, שאט, דער שולץ וויל זאָגן א מאזל־טאָוו, שאט—אָט.

— עכ, שפּילט, קלעזמער,—האָבן די כוטעראנצעס געשריִען,—דער שולץ וויל זאָגן. דער שולץ האָט א צעקאָכטער זיך א וואָרפ געטאָן און גענומען שרײַען:

— כאָנע דאָנעס... כאווקע און מיישקע דאָנעס, אלע איבעריקע פויערים, הערט, וואָס איך לייען.

— וועסט שפּעטער,—האָבן אים די שאכטיאָרן א שלעפּ געגעבן,—דאַווײַ, כוטעראנצעס, וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט?!

— כאָנע דאָנעס, כאווקע דאָנעס, הערט,—האָט דער שולץ איבערגעכאַזערט, פארגלאָצט די אויגן און אָנגעהויבן:

— דער צאר פּאָלסקי, צאר פינליאנדסקי, צאר רוסקי פון זײַן אלמעכטיקײַט.

— שפּעטער. שפּעטער!—האָבן די שאכטיאָרן און כוטעראנצעס אויסגעשריִען.

דער שולץ האָט געשריִען און וואָס מער ער האָט געשריִען, אלץ מער האָבן זיי געהעפּעט און ניט געהערט און ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן, אלץ גיכער איז דער שולץ דורכגעלאָפן דעם „פריקאז‟ און די קלעזמער האָבן ארײַנגעכאפּט די טרײַבלעך אין מויל, די סמיקן אין די הענט גרייטע צו שפּילן פארן שולץ, וואָס איז אליין מיט זײַן קאָוועד געקומען אפ דער כאסענע.

און ווען דער שולץ האָט פארענדיקט קימאט אין א מאגידישן טאָן: „איבער מײַן וואָלאָסט באפוילט דער צאר פּאָלסקי, צאר פינליאנדסקי, צאר רוסקי...‟

— גיין אפ פארטיידיקן דעם רוסישן פאָטערלאנד און הײַנט קומען צום מאָביליזירבאצירק מיט א לעפל אין אוטשאסקע מיט ברויט אפ 3 טעג.

דער קאָן האָט זיך נאָך געדרייט, און דער שולץ האָט געענדיקט:

— טוט זיך אָן און קריכט אפ די שליטנס, כאווקע, כאָנע און מיישקע דאָנעס—שפּילט, קלעזמער!—האָט דער שולץ אויסגעשריִען.

נאָר די קלעזמער האָבן ניט געשפּילט. די העכקעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און צוגעפאלן מיט די אויערן צום שולץ.

— שפּילט, קלעזמער, שפּילט פאַרן צאַר פּאָלטקי. די שליטנס זאָלן ניט אוועקפאָרן. די שליטנס זאָלן פירן די סאָלדאַטן. שפּילט, קלעזמער, פאַר די סאָלדאַטן.

די קלעזמער האָבן ניט געשפּילט.

* * *

אין כוטער איז געווען ליידיק, דעם אַלטן דאָנעס זין זײַנען ערגעץ ווײַט, ווײַט.

מיט די שליטנס האָט מען געבראַכט זייערע שמאַטעס פאַר די האָלעפּופּניקעס, וואָס זײַנען אומגעלאָפן איבערן שניי.

אינגיכן איז צעגאַנגען דער שניי, אַ גרינער, אַ זײַדענער האָט דער סטעפּ גענומען שעמערירן, ווי גראָז נאָך אַ רעגן זײַנען געוואַקסן די האָלעפּופּניקעס.

(סאָף פון דער פּרעלודיע).

נאפטאָלי־הערץ קאָן

# די הײַדוקן

(פראגמענט פון א גרעסערער פּאָעמע)

דער שיינער הײַדוק קאָסטאקע,
ווען ער איז נאָך א ייִנגל געווען,
פלעגט ער ליב האָבן טאקע
אלץ באקוקן, באקוקן און זען.
פון טויבן־שלאק פליט ארויס די טויב,
פליט צו דעם הינער־שטאל אקעגן
און הארבסט־צײַט קוקן דורכן שויב,
ווי ס'פאלט אראָפעט דער רעגן.
— אז ער וועט אמאָל דאָ אפ רויב
וווינען אין וועלדער, גיין אפ וועגן,
און ווערן א שטאָלצער הײַדוק,
בא די טײַכן פון בלויער דונײַ,
און אז פאלן וועט אפן ברוק
זײַן קאָפּ ארונטער א שווערער, ווי בלײַ,
באם געזאנג פון ליד טרא־לא־לא
בא די טײַכן פון בלויער דונײַ!
ער האָט ליב געהאט די פויערים,
די געזונטע ערדישע זין,
אינײנעם מיט זיי פלעגט ער טרויערן
בא א לעמפל פון קעראָסין.
אינײנעם מיט זיי פלעגט ער הוליען,
און גיסן פון קוואָרטן דעם וויין
און צו זייערע טעכטער זיך טוליען,
ביז נאכט ביז אין שפעטער ארײַן.
אינײנעם מיט זיי פלעגט ער פלאנעווען,
וועגן באָיארן און זייערע בײַכער;
מ'דארף קיינעם פון זיי שוין ניט שאנעווען,
זיי ווערן אלץ גרעבער, אלץ פעטער, אלץ רײַכער...

אינײנעמ מיט זיי פלעגט ער באפאלנ
אינ הארבסט־נעכט באָיארישע הויפנ,
אויסלײדיקנ מאגאזינענ אונ שטאלנ
אפ יארידימ צעטײלנ אונ פארקויפנ...
ליב האָט ער געהאט די ווייַטע שטערנ,
אינ הייכ אינ טונקעלער אונ בלויער,
דאָס זייַנענ טרערנ, פארפרוירענע טרערנ,
פונ אָרעמענ מיט בייַטשנ געשלאָגענעמ פויער...
ליב האָט ער געהאט קומענ צו זיי
שפעט באנאכט אונ הערנ זייער פלייט,
פארטאָג אוועק איבער פעלדער פונ שניי,
איבערלאָזנ זיי א העלע אונ ליכטיקע פרייד.
א זעקל א ווייַסנ, א פולנ מיט ווייצ,
אָדער א בייַטל א פולנ מיט קלינגער:
— „נעמ האָלצ אריַינ, פויער, דעמ אויוונ הייצ,
ועסטו שוינ ניט שטארבנ פונ הונגער.
כאָטש מ'פלעגט דערציילנ,—די באָיארנ שינדט ער,
פלעגט ער קומענ עטלעכע מאָל אינ יאָר,
ברענגענ מאטאָנעס אונ קושנ מאמעס אונ קינדער,
מיט זייערע טונקעלע קוילנ שווארצע האָר.
כאָטש ער איז געוועזנ א הארטער,
א הארטער ווי א שטיק האָלצ,
איז ער אויכ געוועזנ א מילדער אונ צארטער
אזוי גרויס, אזוי שיינ, אזוי שטאָלצ.
ר'האָט געקענט רייַכ זייַנ אינ זילבער אונ גאָלד
אונ ניט געהאט מער ווי איינ פאָרל גרעט
אונ האָט ער עס ווינטער וואשנ געוואָלט,
פלעגט ער אריַינלייגנ זיכ אינ א בעט.
— מאָרגנ גרוי האָט דער האָנ געטאָנ א קריי,
— מאָרגנ גרוי האָט אויסגעקלאפט דער זייגער,
האָט מענ זייַנע טריט געזענ אפנ ווייַסנ שניי,
אונ א ליידיקנ פוסטנ פארבעטנ געלעגער.
ער האָט ליב געהאט א הויז
בא א שטייענדיק שטילנ וואסער־קוואל,
כאָטש זייַנ הארצ האָט געברויזט
ווי א ווילדער בייזער וואסער־פאל,
ער האָט פייַנט געהאט די באָיארנ
מיט זייער גראָבנ אונ פעטלעכנ שפייַ—
ער פלעגט אינ די וועלדער זיי נארנ,
אונ זיי אָפלאָזנ מיט דעמ דונייַ,
זיי זייַנענ אפ טראטועס געשוואומענ,

הונגעריק, צעריסן נאקעט און באָרוועס.
זיַינען זיי צו זייערע פּלאַצן געקומען,
האָבן זיי געטראָפן נאָך כורוועס...
— די שטאַלן זיַינען פּוסטע און ליידיקע,
די ברונעמער צעבראָכן אָן עמער.
די פרויען די צארטע און גנעדיקע,
האָבן זיך באהאלטן באַם רײַכן קרעמער...
היַידוקן האָבן באַיאָרן די סימכע פארשטערט,
צוריק געגעבן די פויערים דעם רויב—
אמאָל האָבן דאָ געמרוקעט קי און געהירזשעט פערד,
זילבערנע קוילעס האָבן זיך געקײַקלט דורכן שויב.
— אמאָל האָבן זיך דאָ געשטעלט נעכט,
נעכט,—ווי פארקאָרקעטע פלעשער מיט וויַין,
באַיאָרן האָבן מיט בײַטשן געטריבן די קנעכט
און געהולעט נאכט אויס און טאָג איַין.
די דוניַי איז ברייט און האָט לידער אסאך,
ווי פייגל, וואָס שווימען אהער פון די יאמען,
שטעלן זיך אויס אף די ראנדן פון דאך,
און לאָמיר מיט זיי איצט זינגען צוזאמען,
דאָס ליד פון היַידוקס קאָסטאַקעס
טאטן און מאמען...

קאָסטאַקעס טאטע האָט ליב געהאט די פלאשקע,
ליב פון איר לאנג אזוי גיסן אין גאָרגל,
די מאמע איז פון צאָרעס געוואָרן א מאַנאשקע
און דאן אין קלויסטער געשפּילט אף אן אָרגל...
קאָסטאַקע האָט פיַינט געהאט אפן טאטן צו קוקן:
ער קושט בא באַיאָרן די פיס און פּיאטעס,
ווי א רייף איז אין דרײַען געבויגן זיַין רוקן,
און זיַין ליימענער פּאָנעם איז פארלאטעט מיט לאטעס...
איז קאָסטאַקע אליין זיך געוואקסן,
אליין געוואקסן, אליין זיך געכאָוועט,
אליין זיך געשמידט צום לעבן די אקסן,
אליין זיך געשמידט און געקאָוועט...

בארסוק ז.

# אין וואלד

עס שמעקט מיט סאָסנע־זאפט, מיט פריש־צעגרינסנ גראָז,
פונ ראנד ביז ראנד עס בלאנקט דער שמייכלענדיקער יולי,
דער בלויער הימל קלינגט מיט שטיקער קלאָרע גלאָז,
די גאנצע ערד איז רײַכ מיט שטיקער רײנעמ זומער...

אָט זע איכ מײַנע פרײַנט, די האָרעפּאשנע זינ,
זיי רוענ אָפּ אצינד, די קרעפּטיקע פּאָרמירער.
עס שמעקט פונ זיי מיט קראפט, מיט שוויס פונ שווערע מי,
אונ רויט זײַנענ די מוסקוליארע גלידער.

דאָס האָבנ זיי אינ צעכ געפּרעסט א גאנצנ טאָג
די פעט־פּארברוינטע ערד אונ די אפּאָקעס שטײַגנ.
אונ איצט האָט זיי געשיקט אָפּ אָפּרו דער זאוואָד
אינ אָט דעמ גרינעמ וואלד צו שעפּנ זעט פונ טײַנעג,

זיי ליגנ איצט אינ וואלד אונ זינגענ הויכ א ליד
אונ יעדערער פונ זיי איז פול מיט שטאָלצנ גלויבנ...
ס'איז ניכטער דער פארשטאנד אונ לויטער איז דער בליק
אפּ קוקנ אײנפאכ־פּראָסט דער צוקונפט אינ די אויגנ...

איכ גיי אלצ טיפּ אינ וואלד... איכ פיל זיכ קרעפּטיק־יונג...
א פריידיקער פארלאנג נעמט איצט מיכ ליב ארומעט...
איכ גלויב, ס'וועט אופגיינ באלד אזא מינ גרויסע זונ
אונ דאנ אפּ גאנצער ערד וועט שמייכלענ אייביק זומער...

מיט טיפער פרייד איכ זע אָט יענע שיינע וואָר,
ווענ ס'וועט, ווי שלאנקער וואלד צעגרינענ דאָ דאָס לעבנ,
ווענ. אונדזער ליבער טאָג וועט אייביק זײַנ דאָ קלאָר,
ווי דו, געבענטשטער פרײַנט, מײַנ לויכטנדיקע שטרעבונג!

א. אבטשוק

# הערשל שאמײַ

(צווײטער טײל)

(פאָרזעצונג)

## נײַע ארויסרוקונגען

אויב מע האָט אביסל אָפּגעשטעלט דאָס פליִען בא אונדז אפ דער פאבריק, איז דאָס ארויסרוקן האָט מען ניט אָפּגעשטעלט. ס'איז ניטאָ די וואָך ס'זאָל עמעצער ניט אוועקגײן פון דער פאבריק. צי אינ טרעסט, צי אינ קאָאָפּעראציע. און ס'איז ניט אומזיסט—מע האָט גאנצע פיר כאדאָשים און מערער גערײניקט די אנשטאלטן און די קאָאָפּעראציע. גערײניקט פון דער קאָנטער־רעוואָליוציע, פון גאנאָװים און פון ביוראָקראטן. מע האָט א שײן ביסל עלעמענטן ארויסגעוואָרפן. דארף מען אפ זײער אָרט אוועקזעצן ארבעטער, וואָרעם נאָר אזוי קאָן מען באוואָרענען, אז דאָס זאָל מער ניט פאָרקומען.

נו, און וויפל גײען זיך אוועק לערנען? אָט איז די טעג זיך אוועק לערנען מאנדלבוים אים האָט מען גרינג געגעבן א קאָמאנדירונג זיך צו גײן לערנען. מאלינסקע האָט אים נאָך יענער מײַסע מיט בעלאקאָמענען ניט אײן מאָל געגעבן אָנצוהערן, אז ער וואָלט זיך געדארפט ערנסט א נעם טאָן צום ביכל, וואָרעם א הארץ האָט ער פון אן ארבעטער, נאָר אפן האלדז און נאקן זיצט בא אים אן אנארכיסט.

ער איז זיך מיט אלעמען וועגן דעם מעיאשעװ. ער איז צו מיר אויך צוגעגאנגען. ער איז זײער א ווילער מענטש און האָט זיך ליב אן אײצע צו האלטן מיט אן עלטערן ארבעטער.

— פארשטײסט, זאָגט ער צו מיר, הערשל, קוים וואָס איך שרײַב, ניט קײן אויסיעס גײען בא מיר ארויס, נאָר קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס. וויפל איז דער שיר?

ער האָט אלץ בא זיך ניט געקענט פועלן וועהין זיך גײן לערנען. אויסצוקלײַבן איז דאפקע דאָ וועהין, מע קומט איצט אָפּט פון די שולן און קורסן אפ דער פאבריק. מע קומט מיטיק־צײַט און מע האלט א שמועס מיט די ארבעטער, אז מע זאָל זיך גײן לערנען. יעדערער לויבט אויס זײַנע קורסן און מ'זאָגט צו א סטיפּענדיע—כוידעשלעכן אויסהאלט מע זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן, און מע זאָל קענען לערנען, און א פאמיליע־מענטש באקומט נאָכמער, וואָרעם מע האָט אינזינען די פאמיליע אויך. מאנדלבוים וויל גײן לערנען אפ צוגרײט־קורסן, אָבער ער ווײס נאָך ניט וועהין.

— זאָל איך גײן, האלט ער זיך מיט מיר אן אײצע, אפ קורסן, וואָס גרײטן צו פאר א טעכניק, איז עס מיר צו שווער, און אפ די קורסן, וווּ מע גרײט צו פאר א לערער, האָב איך עפּעס ניט שטארק כײשעק, וואָרעם וואָס פאר א טאכלעס איז עס?

— דו גיי דערוויַל, זאָג איך צו אים, אפ פּאָשעטע קורסנ. וועסט גלײַך פונעם ערשטנ טאָג פארשטיינ, וואָס מע וויל פונ דיר, צי דו וועסט זײַנ א טעכניק, צי א לערער, וועגנ דעם וועסטו נאָך צײַט האָבנ צו טראכטנ.

איצטער איז ער שוינ אפ דער פאבריק ניטאָ. ער האָט גענומענ א קאָמאנדיראָווקע אונ לערנט זיך. אמאָל, אינעם ארויסגאנג־טאָג, כאפּט ער זיך אראָפּ אפ דער פאבריק, טוט א שמעק ארײַנ אינ צעכ, אינ פאבקאָם, ווײַל ער וויל וויסנ, וואָס ס'הערט זיך נײַס, אונ אינ איינוועגס עסט ער שוינ טאקע אָפּ אינ סטאָלאָווע א וואַרמעס אויך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז אויך אוועק וואָלקאָוו—אונ דאָס טוט מיר שטארק באנג. אים האָט מענ ארויס־געדרוקט אפ אנ אָרט, וואָס איז פאר אים אָנגעמאָסטנ. ער איז זיך געגאנג טאקע אפ זײַנ ארבעט, נאָר מיט א היפּש שטאפּל העכער: ער איז איצטער דער סעקרעטאר איכערנ גאנצנ „אָסאָ״ אינ שטאָט. ער גייט איצט אָנגעטאָנ, ווי א מיליטערישער, אינ א נײַעם שיינעם מונדיר—א געבאָרענער קאָמאנדיר—א מעכײַע אפ אים א קוק צו טאָנ. אז מע קענ אים ניט, ווײַזט זיך אויס, אז ער קענ מיט קיינ מענטשנ ניט ריידנ, אָבער מיר וויסנ דאָך ס'א גאָלדענער יונג דאָס איז. אונדזערע כעווריע, מערסטנטייל דאָס יונגוואַרג, גייט צו אים מ'גייט איַ וועגנ אונדזער אָסאָ־יאטשייקע אונ וועגנ אנדערע זאכנ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אונ אָט אזוי, אז אזויפיל מענטשנ זײַנענ ארויסגערוקט געוואָרנ, אוועקגעגאנ פונ דער פאבריק אונ אלע טאָג קומענ צו נײַע פענעמער, מע דערקענט ניט די פאבריק, זאָגט טאקע ציטרינ:

— נאָר איך מיט דיר, זאָגט ער, הערשל, באָמבלענ זיך נאָך דאָ ארומ,—ס'קומט דאכט זיך אָנ אויך אונדזער אָטשערעד. דאָס הארצ זאָגט מיר, הערשל, אז מע וועט אונדז דאָ לאנג ניט לאָזנ.

אונ טאקע—לאנג האָט מענ מיך דאָ ניט געלאָזט. ס'איז קיינ וואָך ניט איבערגעגאנ, ווי מיך פאקט איינמאָל אינדערפרי מאלינסקי אונ זאָגט צו מיר:—ס'ט נאָך דער ארבעט אראָפּקומענ צו מיר. כ'האָב צו דיר א וויכטיקנ איניענ.

צום אָנהייב טוט מיר דאווקע א טיאָכקע אינ הארצנ. „ווער ווייסט, טו איך א טראכט, וואָס מע וויל שוינ ווידער פונ מיר, שוינ, מיסטאָמע, דערפאר, ווײַל מע פירט מיך איצטער איבער פונ קאנדידאט פאר א מיטגליד״.

מיט מאלינסקענ איז מיר אויסגעקומענ צו ריידנ נאָך פארנ ענדיקנ די ארבעט. ער איז אליינ געקומענ אינ צעכ. געקומענ איז ער, פארשטענדלעכ, ניט צוליב מיר: ער איז איצ־טער, זינט עס איז דאָ דער עקסטרע זאקאז, אָפּט אינ די צעכנ, דאָסועלבע טשאנ. אונ אז מאלינסקי גייט דורכ דעמ צעכ, דערזעט ער אזוינס, וואָס מיר אלע דערזעענ ניט. וואָס איז דאָ צו זאָגנ—א גוט פארטיינע אויג, ביפראט נאָך פונ א סעקרעטאר, זעט בעסער, ווי עמעצער אנדערש.

ער איז אויך צוגעגאנ צו מיר.

— הערשל, זאָגט ער צו מיר, אונ איך הער זיך אײַנ, כאָטש די ארבעט לאָז איך ניט אָפּ.—הערשל, דער רײַקאָם פאָדערט אנ ארבעטער אינ קאָאָפּעראציע, אנ עלטערנ אונ אנ איבערגעגעבענעמ.

— אָט דאָס האָסטו מיך גערופן, זאָג איך, און עס פאַלט מיר אראָפּ א שטײן פון הארצן,—אבי איך האָב געמײנט...

— וואָס האָסטו געמײנט?—זאָגט ער.

— איך ווײס, זאָג איך, עפּשער עפּעס א מעלדונג אפ מיר, צי וואָס.

— איז וואָס, זאָגט מאַלינסקי, און באקוקט די סכוירע, וואָס ליגט לעבן מיר,—ווי קוקסטו דערויף?

— נײן, זאָג איך, מאַלינסקי, ניט דערויף בין איך אָפּגעשטאנען א גאנץ לעבן באַם ווארשטאט, איך זאָל איצטער זיך שטעלן פארקויפן הערינג אין א סאָראבקאָאָפּ.

דעמאָלט הײבט מאַלינסקי אוף די אויגן פון דער ארבעט און טוט א קוק אפ מיר—און איך ווײס ניט, צי כידעשט ער זיך, צי קאַסט ער זיך.

— הערשל, זאָגט ער, וואָס איז דאָס פאר א רײד פון אן ארבעטער א פארטײעץ, און, צווײטנס, זאָגט ער, איז ניט קײן מוז זאָלסט פארקויפן הערינג.

און ער הײסט מיר גלײַך נאָך דער ארבעט ארײַנקומען צו זיך אין קאבינעט.

איך שטײ שוין בא דער ארבעט ניט גאָר רויִק. איך רעג זיך אביסל, עפּעס ווײַזט זיך מיר אפילע אויס, אז עס פרעסט מיך, די באקן ברענען מיר.

קײן באשטימטע מײנונג וועגן דער זאך האָב איך ניט—פון אײן זײַט, ווערט אפ דער פאבריק אביסל פוסטלעך, אלץ נײַע מענטשן, נײַע פּענעמער, יונגווארג, מענטשן, וואָס האָבן עפּשער קײנמאָל קײן פאבריק ניט געשמעקט. און, צווײטנס, אז אלע גײען איצט אפ ווידוויזשעניע, מיסטאָמע דארף עס די מעלוכע, אניט וואָלט זי עס ניט געטאָן. ס'איז פאראן גענוג קאָנטער־רעוואָליוציע אין קאָאָפּעראציע און אין די אנשטאלטן, דארף מען דאָ האָבן דעם ארבעטערס אויג. אָבער איך האָב מוירע. מײַן ארבעט קען איך מיר, ס'גײט שוין פון זיך. בלינדערהײט קען איך ארבעטן, און דאָרט וועט מען מיך ארײַנעמען, מיך פארדרײען, פארפּלאָנטערן און מ'וועט מיך דערנאָך ארויסטרײַבן, ווי א פרעמדן עלעמענט. און אזויווי מאַלינסקי איז אן אײגענער מענטש, פאר אים באהאלט מען גאָרנישט, ער זאָגט דיר גאָרנישט, נאָר דו פילסט, אז דו וועסט אים דערצײלן אלץ, וואָס דו קלערסט, ווײַרום אנדערש קאָן מען מיט אים ניט, דערצײל איך אים טאקע אלצדינג, וואָס איך טראכט. הערט ער מיך אויס און זאָגט: „הער-זשע, שאמײַ, ווען מיר, קאָ־יוניסטן, זאָלן אזוי טראכטן, ווען די פארטײ הײסט אונדז גײן אלעמאָל אפ נײַע פראָנטן, ווען מיר זאָל ווארטן ביז מירן זיך אלץ אויסלערנען. ביז צום לעצטן אָס און ערשט נאָכדעם גײן ארבעטן, וואָלט שוין אונדזער פּארטײ לאנג פארוואָקסן מיט מאָך“.

איך זיץ איצטער לעבן מאַלינסקין אפן בענקל, בא אים איז קײנער ניטאָ. עס פאלט שוין צו דער אָוונט, נאָר ער דרײט ניט ארויס דאָס לעמפּל, ער רעדט נאָך אסאך, אלץ אזוי טיף און מעכײַעדיק. ער קוקט ניט אפ מיר בײס ער רעדט. איך הער און עס איז דאָ וואָס צו הערן. וואָרעם מאַלינסקי רעדט פונעם הארצן ארויס און ס'איז אלץ עמעס, וואָס ער זאָגט. נאָר ער דערצײלט, וואָס כאווער לענין האָט געזאָגט וועגן דעם, וויאזוי די ארבעטער און קאָמוניסטן דארפן אָנפירן מיט אזא גרויסער ראסײ—עפּשער דאָס גרעסטע לאנד אין דער וועלט—און ווען? בײס מע וויל עס פון אלע זײַטן אײַנשלינגען. לאָז נאָר, קערעווע נאָר אָפּ דאָס אויג, אײַ, וועט מען אונדז א כאפּ טאָן פאר די רעבערס, אז ס'וועט אזש טרישטשען.

— וואָס מײנסטו, זאָגט ער פלוצים און קוקט מיר גלײַך אין פּאָנעם ארײַן, און איך הער אין זײַן קאָל טײַנעס צו מיר—און וואָס מײנסטו? ווען האָט עס געמײנט איליטש,

עפעס אויסגעטראכטע ארבעטער פון די ביכלעך ארויס? ניין, ער האָט געמיינט מיך און דיך און נאָך טויזנטער אזעלכע ווי מיר.

אז איך הער מאלינסקין, צערינען בא מיר אלע טײַנעס. ס'ווערט פון זיי גאָרנישט. איך פארגעס אין מײַן אומווילן צו גיין אין קאָאָפעראציע. איך דערפרעג זיך שוין אפילע גיט וועגן קלייניקײַטן—פון סכירעס שוין אָפגערעדט. איך ווייס—קיין שלעכטס ווינטשט מיר מאלינסקי ניט, כאָטש קיין גליקן האָט ער אויך ניט ליב צוצוזאָגן.

ווען איך גיי ארויס פון פאבריק און גיי פארטראכט צום טראמווײַ, יאָגט מיך אָן ציטרין.

— נו, האָסטו עפעס געקראָגן א פײַנע ווידוויזשעניע?—פרעגט ער.

— וואָס ס'איז שײַעך א פײַנע? זאָג איך, כ'ל דיר זאָגן דעם עמעס, ציטרין, איך האָב זיך פארגעסן גענוי נאָכצופרעגן. איינס ווייס איך—אין קאָאָפעראציע—א קאָנטראָליאָר דאכט זיך, איבער די קלייטן, צי וואָס.

— יאָ, זאָגט ער, זיי האָבן אפ זיך א צו שוואך פראָלעטאריש אויג.

— אָבער איכל דיר זאָגן דעם עמעס, זאָג איך. איך ווייס גאָרנישט, וויאזוי טרעט מען דערצו צו.

— נאר, ס'ט זיך אויסלערנען, זאָגט ער, די גרויסע טוירע, וואָס דאָ איז דאָ, פראקטיקע איז דער בעסטער לערער און ס'שאדט טאקע ניט, זאָגט ער, הערשל, זאָלסט ארײַנקוקן אין א ביכל וועגן קאָאָפעראציע. פריִער פאר אלץ, פארשטענדלעך, דארפסטו איבערלייענען, וואָס לעניו האָט וועגן דעם געשריבן.

— ווייסט דאָך, זאָג איך, ווי דער עמעס איז, ציטרין, אז אפ ביכלעך בין איך אביסל שטומיק, א גאזעט לייען איך נאָך, און לעניו איז, האָב איך מוירע, ניט פאר מײַן קאָפּ.

— טיפעש, זאָגט ער און מאכט מיך צו דער בלאָטע, און ס'ארט מיך איצטער דאפקע ניט, וואָרעם איך ווייס, אז ער מיינט דערמיט ניט קיין שלעכטס—טיפעש, אזויוי לעניו האָט געשריבן פאָשעט, פראָסט, און גערעדט צום ארבעטער און געטראָפן אין פינטל ארײַן האָט קיינער ניט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינדערהיים האָב איך זיך דעם אָוונט קיין אָרט ניט געקענט געפינען. אלץ געקלערט און געקלערט, צי איך האָב גוט געטאָן דערמיט, וואָס איך האָב געגעבן מאלינסקין דאָס וואָרט. איך האָב דערווײַל ביז וואָס ווען א טראכט געטאָן, אז ס'וועט ניט שאטן א לייען צו געבן, וואָס לעניו זאָגט וועגן קאָאָפעראציע און וואָס מ'דארף דאָרטן טאָן, און וויאזוי זיך צו באגיין דאָרט, מע זאָל דיך פונעם ריכטיקן וועג ניט אראָפפירן. איך בין אוועק אין דער ייִדישער ביבליאָטעק. דאָרט, זאָגט מען, זײַנען פאראן אלע ביכלעך.

איך גיי צו צום טיש. דאָרט זיצט א מיידל, וואָס גיט ארויס ביכער.

— גיט מיר, זאָג איך, א ביכל, וואָס לעניו האָט געשריבן וועגן קאָאָפעראציע.

הינטער איר שטייט אן אלטיטשקער. ער קוקט זיך צו צו איר, וויאזוי זי ארבעט. ער איז א מיטלוווּקסיקער, אָן איין צאָן אין מויל, שוין איינגאנצן א גראָווער.

אז ער דערהערט, אפ וואָס איך פרעג, גייט ער צו צו מיר. איך בין, ווײַזט אויס, דאָ אזא פאציענט, וואָס פארנעמט דעם אלטיטשקן זייער שטארק.

— איר ווילט לעניס וועגן קאָאָפעראציע, זאָגט ער, און דאָס קאָל גראגערט בא אים, ווי בא א גאנדז, און וואָס האָט איר געלייענט ביז אהער?

— ביז אהער, זאָג איך, האָב איך נאָך קײן ביכל ניט געלײענט, סײַדן א גאזעט.

— אזוי, — זאָגט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ, — איז עס ס'ערשטע מאָל, װען איר קומט נעמען א ביסל?

— יאָ, זאָג איך, דאָס ערשטע מאָל, װאָרעם ביז אהער האָב איך ניט געהאט דערצו קײן באדערפעניש.

— ניט געהאט קײן באדערפעניש, — שמײכלט ער און דער שפּיץ נאָז בא אים װערט רויט, װי דאָס רויטע עלעקטרישע לעמפּל אפן איספּאָלקאָם.

— און איצטער, זאָג איך אים, װי דער עמעס איז, איצט שיקט מיך די פּארטיע אין קאָאָפּעראציע, װיל איך א קוק טאָן, װאָס לענין זאָגט װעגן דעם, װיאזוי מע דארף זיך דאָרטן באגײן און אזוי װײַטער.

— זײַט איר, זאָגט ער, אן ארבעטער און א פּארטײנער, און ער װערט גאָר צוגע־לאָזט צו מיר, — און לענינס, זאָגט ער, איז דאָס ערשטע ביכל, װאָס פאלט צו אײַך ארײַן?

און ער לאָזט מיך שוין ניט אָפּ, ער בעט מיך צו זיך אין קאבינעט ארײַן. ער נעמט מיט זיך דאָס ביכל, װאָס די ביבליאָטעקערן האָט אים דערלאנגט, און װיל מיט מיר האָבן װעגן דעם א שמועס.

איך גײ אים נאָך. ער קומט ארײַן צו זיך אין קאבינעט, בעט מיך זיך זעצן, אלײן זעצט ער זיך אנטקעגן. אין צימער איז קאלט. זיצט ער אין פּאלטאָ און אין װינטערדיקן היטל (עס איז בא אים א פוטערנס און עס זיצט בא אים טיף אפן קאָפּ).

ער פרעגט מיך, צי איך קען לײענען ייִדיש, און אז איך ענטפער אים, אז יאָ, הײסט ער מיר לײענען.

איך נעם לײענען. ס'איז ניט אזוי גוט ליכטיק דאָ און איך בין אין דער איורע אביסל פאמעלעכדיק.

— איר דערזעט ניט, זאָגט ער, די ריִע איז מיסטאָמע בא אײַך קאליע, זאָגט ער, איר דארפט קריגן א בריל.

— יאָ, װעגן א בריל האָב איך שוין אויך געטראכט, זאָג איך, איך האָב אלץ קײן צײַט ניט צו גײן אין פּאָליקליניק.

איך לײען און ער פארטײַטשט מיר, װאָרעם כאָטש ס'איז אפ ייִדיש, זײַנען דאָ אסאך שװערע װערטער.

— אבי מע האָט מיר געזאָגט, אז לענין רעדט און שרײַבט פּראָסט, זאָג איך.

— דאָ, זאָגט ער, און שמײכלט צו און די שפּיציקע רויטלעכע נאָז לאָזט זיך אראָפּ נאָך טיפער צום מויל — דאָ איז שוין ניט שולדיק לענין, נאָר די, װאָס האָבן אים איבער־געזעצט אפ ייִדיש, דאָס האָבן זײ ליב צו רײדן מיט הויכע װערטער.

פונדעסטװעגן פארשטײ איך, װאָס לענין זאָגט.

דערפון, װאָס איך לײען ארויס פונעם ביכל, און װאָס דער אלטיטשקער ביבליאָטעק־פארװאלטער פארטײַטשט מיר, איז שוין קלאָר, װוהין איך גײ און װאָס ס'פאָדערט זיך פון מיר.

— אָ פאַרטייעצ, זאָגט מיר דער פאַרוואַלטער און קוקט אַף מיר מיט זײַנע קלײנע גוטע אויגעלעך, אַ פאַרטייעצ דאַרף שטענדיק האָבן אַפן טיש בײַ זיך לענינען, וואָרעם אין אַ שווערער מינוט קריגסטו דאָרט באַשייד אַף אַלע פראַגן, וואָס קומען דיר אָנטקעגן.

ער גיט מיר מיט דאָס ביכל. ער זאָגט מיר, אַז איך זאָל עס איבערלייענען נאָכאַמאָל און אָבעראַמאָל, וואָרעם לענינס אַ ביכל האָט אין זיך דעם כּוח, אַז וואָס מער מע לייענט עס, אַלץ מער זאַכן אַנטפּלעקן זיך דאָרט דעם אַרבעטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## נאָך דער פּאַרטײַנער קאַרטעטשקע

אָט אַזוי זײַנען מיר עפּשער אַ אָנדערהאַלבן צענדליק אַרבעטער דעם כוידעש אַוועק פון דער פאַבריק. ווען איך בין אַרײַן אין יאַטשייקע נאָך מײַן קאַרטל, האָט מיר טאַקע אונדזער טעכנישע סעקרעטאַרקע אַ זאָג געטאָן: „דו גייסט אויך פון אונדז אַוועק, שאַמײַ דו, האָב איך געמיינט, וועסט שוין דאָ אויסלעבן דײַנע יאָרן“.

— אַף יעדערן קומט אַ צײַט, האָב איך איר אָן שום בייז געענטפערט. עס דערגייט דער אָטשערעד, מיסטאָמע דאַרף אונדז איצטער די פּאַרטיע האָבן אַף אַן אַנדער אָרט. אַף אַ מער נייטיקערס, און אונדז וועט שוין דאָ פאַרבײַטן דאָס יונגוואַרג.

און דאָ האָט זי מיר געגעבן דאָס פּאַרטײַנע קאַרטל, וואָס אַף דעם שטייט פאַרצייכנט מײַן גאַנצע ביִאָגראַפיע. דאָס קאַרטל איז אַן עמעסע דיִאַגראַמע פון מײַן לעבן, אַ דיִאַ-גראַמע פון מײַנע מײַלעס און כעסרוינעס. מ'האָט ניט פאַרגעסן גאָרניט אַהין אַרײַנצו-שרײַבן, — סײַ דאָס גוטע, סײַ דאָס שלעכטע, סײַ, אַז מע האָט מיך פון פּאַרטיע אויסגע-שלאָסן, סײַ, אַז מע האָט מיר צוריק דעם בילעט אומגעקערט, אויך דער לעצטער „נאַוויד-שטייט דאָ פאַרשריבן און ווען מע האָט מיך פאַר אַ מיטגליד אַריבערגעפירט, מיט איין וואָרט — אַזוי פאַרשריבן, אַז קיינער וועט איצט שאַמײַען ניט פאַרבײַטן אַף אַ צווייטן, אַפילע אינמיטן נאַכט וועט מען מיך דערקענען.

איך האָב זיך מיט איר צעצאָלט פּאַרטײַנע אָפּצאָל, קיין סאַך בין איך ניט געווען שולדיק, נאָר אוועקגיין מיט כויוועס וויל איך ניט.

— נאַ, האָב איך איר געזאָגט, און ווייס, אַז פון די סכירעס, וואָס שאַמײַ באַקומט-נעמט ער דאָס ערשטע געלט אַראָפּ אַף פּאַרטײַנע אָפּצאָל, דאָס איבעריקע גייט שוין אַף פאַרשטאָפּן די קישקע.

דערווײַל איז אָנגעקומען מאַלינסקי. ער זעט, איך נעם די קאַרטעטשקע, איך צעצאָל זיך און די סעקרעטאַרקע שטעלט מיר די שטעמפּלען אַפן בילעט.

— נו, געזעגענען מיר זיך, זאָג ער צו מיר, איך האָב דאַפקע געהאַט אינזינען אײַך אַלעמען צונויפנעמען, איידער איר גייט אַוועק פון דער פאַבריק, נאָר ס'וועט עפּשער זײַן בעסער עס צו טאָן מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. לאָמיר זען, וואָס יעדערער וועט אָפּטאָן אַף זײַן פּאָסטן.

און מיר זאָגט ער אָן: „כאַפּ זיך אַמאָל אַראָפּ, שאַמײַ, אַף דער פאַבריק, טאָמער מאַכט זיך, דאַרפסט אַן אייצע, צי גלאַט אַזוי, ס'איז ניט קיין מוז זאָלסט גלײַך פאַרפרעמדט ווערן פון אונדז“.

דעמאָלט זאָג איך צו אים: „פאַרפרעמדט װערן קאָן איך שױן ניט, װאָרעם די זיבן יאָר, װאָס איך האָב דאָ אָפּגעהאָרעװעט פאַרן סאָציאַליזם, גײען אױך ניט צופּוס“.

די קאָמאַנדירונג פונ רײַקאָם אינ דער קאָאָפּעראַציע האָב איך צװישן אַלע דאָקומענטן אױך געהאַט. איך דאַרף דאָך נאָך הײַנט גײן אַהין, איך האָב זי קוים אָפּגעזוכט—אַזױפיל בילעטן און דאָקומענטן האָב איך איצט מיט זיך—ניט װי מיט צװעלף יאָר צוריק, װען איך בין אָנגעקומען פונ שטעטל אפּנ לעדער־זאַװאָד—דעמאָלט האָב איך געהאַט בלױז אײן פּאַפּירל,—איך האָב מיט זיך געפירט מײַן מעטריקע. אָן דעם װאָלט מען מיר אפילע ניט געװען געגלױבט, אַז איך הײס הערשל שאַמײַ, און איצט האָב איך מיט זיך אַ פּאַרטײ־בילעט, אַ פּראָפּ־בילעט, אַ פאַרטײנע קאַרטל, אַ קאָמאַנדיראָװקע—פונ אױבנע שמאָכטעס, װי געזערד, אָסאָ, מאָפּר, קינדער־פרײַנט און אַנדערע בילעטן — שױן אָפּגערעדט. ניט אַנדערש, מ׳דאַרף טראַכטן װעגן אַ פּאָרטפעל פאַר אָ די אַלע בילעטן און דאָקומענטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יויעל האנקינ

(שילער פונ דער שטשעדרינער יידישער שול
פאר קאלחאזישער יוגנט, אלט 12 יאר)

# ש. ק. מ.

קינדער—לוסטיק פול מיט פרייד,
דריטער דאר פארשטייטער...
א נייער קאדער גייט אונ גייט—
א ברויזיקער פארבייטער...

עס יאגט אונ ברויזט,
עס שיינט אונ בלענדט
אינ גרויסער הויז
פונ ש.ק.מ.

דו גייסט ארײַנ
אינ ברייטער טיר—
אונ פעסטע שײַנ
באגעגנט דיך...

קינדער, ביכער,
צימערס גראמע.
רויטע האלדזטיכער
דא פלאמענ.

זיבנ קלאסנ,
זיבנ יאר—
וואקסט אונ שטארקט זיך
יונגער דאר...

וואקסנ קאדרעס, וואקסנ פעסטע
אפ שפעטער זיך פארמעסטנ...
„אונטער די גרינינקע בוימעלעך״
שפילנ אנדרייקעס אונ שלוימעלעך.

האלדזטיכער פלאמיקע—רויטע,
פיאנערנ דא שטענדיק גרייטע.

... מע האָט זיי אָט דאָ ניט געפּעסטעט—
וואקסן זיי איצטער דאָ פּעסטע...
וואקסן זיי שטײַפע און פעסטע
אפּ שפּעטער זיך קענען פארמעסטן...
דערווײַלע איז קלײַבן זיי וויסנשאפט
און קעמפן מיט סאָנים פארביסענע...

„אונטער די גרינינקע בוימעלעך"
שפּילן אנדרייקעס און שלוימעלעך...

# באַלעגופּ

אין די קעשענעס די הענט פארלייגט
שפּאנט ער אום פון סטויג צו סטויג.
שפּאנט ער אום פון סנאָפּ צו סנאָפּ—
דרייט פארלאָרן מיטן קאָפּ...

טאפּט אין האנט דעם רײַפן ווייץ,
עפּעס רופט, עפּעס רייצט...
שטיל באקוקט ער יעדן זאנג;
גריבלט מויעך א געדאנק:

עך, אזריעל האָט אמאָל
געוווינט אָט דאָ אין גרינעם טאָל,
געהאט א רײַכע, שיינע הויז,
האָב און גוטס געווען איז גרויס
און געהאט אסאך דאָ ערד
און בעהיימעס פיל און פערד...

זײַנען זיי אהער געקומען
און דאָס גוטס מײַנס צוגענומען!
נו, איז קען איך מער ניט שווײַגן;
עפּעס מאָנט: דאָס אלץ איז מײַנס דאָך!

און אין שטילקײַט פון דער נאכט
האָט אזריעל זיך פארטראכט...

און שטיל האָט ער א שוועבעלע באקומען—
א שטילער ריב—א פײַערל אין אויג,
אין גרויען הימל שפּעטער איז א רויך געשוואומען
פון דעם גרויסן פלאקערדיקן סטויג..

# יאסלע

קינדערלעכ—לוסטיק
אינ יאסליע צוזאמענ.
געבראכט זיי אהערצו
קאָלווירטישע מאמעס...

זיי זײַנענ אוועק אינ פרימאָרגנ,
אינ שטילנ
אונ דאָ זיכ געלאָזנ די קינדערלעכ שפּילנ...

שפּילנ זיכ קינדערלעכ—
מאכנ גימנאסטיק
אונ יאָגנ אונ לויפנ
ארומעט דאָ האסטיק.

אונ ליב האָבנ קינדערלעכ,
ליבער פונ אלעס—
דעם זיידעניו לענינ,
דעם פעטערל סטאלינ...

וואָס קוקנ אראָפּעט
פונ וואנט, פונ א בילד
אונ שמייכלענ צו זיי
אזוי ווייכ, אזוי מילד...

אינ יאסליע איז פריילעכ,
אינ יאסליע איז ליכטיק...
שפּילנ זיכ קינדערלעכ
אָנגעטאָנ ציכטיק...

זיי וועלנ נאָכ שאפנ—
דידאָזיקע קינדער...
זאמלענ זיי קרעפטנ,
זאמלענ אצינדער...

שפּילנ זיי איצטער
אינ צאצקעלעכ קליינע.
דערציילט זיי די לערערקע
מײַסעלעכ שיינע.

פון פינפיאָר: פון בריונג—
גיגאנטן—ווי ריזן...
און נאָך... אז מיר בויען
א סאָציאַליזם...

... און ליב האָבן קינדערלעך,
ליבער פון אלעס—
דעם זיידעניו לענין,
דעם פעטערל סטאלין...

ס. וואָלפסאָנ

# דער אנטיטעכניציזמ פונ דער הײַנטצײַטיקער בורזשואזיע

איינער פונ די שטריכנ, וואָס כאראקטעריזירנ דעמ בורזשואזנ גדאנק אינ דער עפּאָכע פונ צעפוילנדיקנ קאפּיטאליזמ, איז זײַנ אנטיטעכניציזמ.

דער אנטיטעכניציזמ איז א רעזולטאט פונ א ניטגעלייזטנ קאָנפליקט צווישנ די פּראָדוציר־קרעפטנ אונ די פּראָדוציר־באַציִונגענ פונ קאפּיטאליזמ. נאָכ ביז דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע האָט לענינ געשריבנ, אז „די טעכניק פונ קאפּיטאליזמ וואקסט מיט יעדנ טאָג איבער אלצ מערער אונ מערער יענע געזעלשאפטלעכע באדינגונגענ, וועלכע פאַרורטיילנ די ארבעטנדיקע אפ געדונגענער קנעכטשאפט”. פונ יענער צײַט, זינט לענינ האָט דאָס געזאָגט, איז דורכ בא 20 יאָר. דער דרוק פונ דער געדונגענער קנעכטשאפט, אונטער וועלכנ דער קאפּיטאליזמ האלט מיליאָנענ ארבעטנדיקע, איז פונ יענער צײַט אָנ אינ פיל מאָל מער פארשטארקט געוואָרנ. צוגלײַכ מיט דעמ האָט זיכ ביז דער העכסטער מאדרייגע פאַרשארפט דער קאָנפליקט צווישנ דער טעכניק פונ קאפּיטאליזמ אונ זײַנ עקאָנאָמיק, צווישנ די פּראָדוציר־קרעפטנ פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט אונ זײַנע פּראָדוציר־באַציִונגענ. אפנ גרונט פונ די אומזיסטע פּרווונ פונ די בורזשואזע טעאָרעטיקער ארויסצוגיינ פונ יענעמ טעמפּנ ווינקל, אינ וועלכנ עס האָט זיכ געפונענ דער קאפּיטאליזמ, האָט זיכ פאנאנדערגעבליט די אידעאָלאָגיע פונ אנטיטעכניציזמ.

אינ די ערשטע נאָכמילכאָמע־יאָרנ, ווענ די בורזשואזיע האָט געהאָפט אפ א נײַער עפּאָכע פונ עקאָנאָמישער פאנאדערבליִונג, אפ א נײַעמ אופבלי פונ פּראָדוציר־קרעפטנ, האָט זי ניט געפונענ פאר נייטיק ארויסצוטרעטנ קעגנ דעמ טעכנישנ פּראָגרעס. אונ דעריבער האָט שפּענגלערס אנטיטעכניציזמ ניט געפונענ די ערשטע צײַט קיינ מיטגעפיל בא דער בורזשואזיע. שפּענגלערס בונט קעגנ דער מאשינענ־ציוויליזאציע, וועלכער איז ארויסגעדריקט אינ דעמ ערשטנ באנד „אונטערגאנג דעמ אבענדלאנדעס” (1918) איז באגעגנט געוואָרנ דורכ די ברייטע בורזשואזע קרײַזנ, ווי ניט קיינ קלוגער שפּיצל פונ א פילאָסאָפירנדיקנ כאָכעמ.

שפּענגלער האָט פאַרגעזעצט זײַנ קאמפ קעגנ די מאשינעס, אונ אינעמ שלוס־קאפּיטל פונ צווייטנ באנד פונ זײַנ „מאָרפאָלאָגיע פונ דער וועלט־געשיכטע”, האָט ער, פּאָלעמיזירנדיק מיט די קעגנער, זיכ געטרייסט, אז „די אלצ שטײַגנדיקע פילבארקײַט פונ סאטאניזמ פונ דער מאשינ פארכאפּט די מער אויסדערוויילטע, אונ נאָר מיט זיי דארפ מענ זיכ רעכענענ”. דער סאטאניזמ פונ דער מאשינ באשטייט פאר שפּענגלערנ אינ דעמ, וואָס

זי (די מאשין) פארוואנדלט דעם מענטשן אין אירן א קנעכט, ער איז אופגעבראכט פון דעם, וואָס דער קנעכט פון דער מאשין—דער פאוסט־מענטש, שאפט א צוואנג־פארהער דער נאטור מיט דער הילף פון שרויפן און הייבערס, אז ער פארקריפּלט די לאנדשאפט מיט די פאבריק־קוימענס, אז ער ציט ארויס בא גאָט זײַנע סוידעס, אז ער ווערט מיט דער הילף פון דער מאשין א טרעגער פון דער „הייליקער סיבעסדיקײַט". אָבער שפּענגלערס ניט אָנעמען די טײַוולאָנישע טעכניק, זײַן פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס מיט דער מאשין פרווט זיך דער מענטש ארויסצורײַסן דעם אלמעכטיקן גאָט פון זײַן טראָן און פארנעמען זײַן אָרט,—דאָס אלץ איז געווען פרעמד און ניט פארשטענדלעך דעם אייראָפּעיִשן און אמעריקאנישן בורזשוא, ביזוואנען דערדאָזיקער בורזשוא איז געווען זיכער, אז דער ווײַטערדיקער וווּקס פון דער טעכניק וועט פארגרעסערן זײַנע האכנאָסעס, וועט פארברייטערן זײַנע עקספּלואטאטארישע מעגלעכקײַטן. דער אלוועלטלעכער קאפּיטאליסטישער קריזיס האָט פארניכטעט דידאָזיקע זיכערקײַט. ס'איז פארווירקלעכט געוואָרן מארקס פאָרויסזאָגונג וועגן דעם קאפּיטאליזם—דעם קישעפמאכער, וועלכער איז ניט אימשטאנד צו באקעמפן די רוכעס, וועלכע ער האָט ארויסגערופן. דער קישעפמאכער פרווט פארטרײַבן די רוכעס אין אונטערערד. די בורזשואזיע פרווט „אײַנצאמענ" די פּראָדוציר־קויכעס, „צונויפפּרעסנ" זיי, אָפּשטעלן זייער וווּקס, וועלכער דראָט די פּראָדוציר־באציִונגען פון קאפּיטאליזם. דער קריזיס צווינגט זי ארויסצוטרעטן אין דער ראָלע פון א „מאשינען־צעשטערער". דער „קאָמוניסטישער מאניפעסט" האָט שוין אונטערגעשטראָכן, אז אין דער צײַט פון קריזיסן ווערן פארניכטעט ניט נאָר פּראָדוקטן, נאָר אויך פּראָדוציר־קויכעס... אָבער קיינמאָל האָט די פארניכטונג פון די פּראָדוציר־קויכעס נאָך ניט אָנגענומען אזא פארנעם, ווי אין די יאָרן פונעם אלגעמיינעם קריזיס פון קאפּיטאליזם. די בורזשואזיע פרווט באהערשן דעם קריזיס אויך דורך „פארגליווערנ" די פּראָדוציר־קויכעס. פון פארגליווערן די פּראָדוציר־קויכעס גייט די בורזשואזיע לאנגזאם איבער צו זייער דירעקטער פארניכטונג. אָט זײַנען אייניקע איליוסטראציעס פון דעם, ווי אזוי עס ווערט פארווירקלעכט דידאָזיקע פארניכטונג.

א פאקט פון א גרויסער היסטאָרישער באדײַטונג איז דאָס, וואָס דער דורכשניטלעכער יערלעכער פּראָצענט פון דער אָנלאָדונג פון דער אלוועלטלעכער קאפּיטאליסטישער מעטאלורגיע האָט באטראָפן פארן גאנצן 1932 יאָר לויט שטאָל—27 פּראָצ., און לויט טשוהונ—26 פּראָצ., אנדערש גערעדט, דער קאפּיטאליזם לאָזט איבער די אלוועלטלעכע מעטאלורגישע אינדוסטריע אפ דרײַ פערטל ניט אָנגעלאָדן. פון פארגליווערן און ניט אויסנוצן די פּראָדוציר־קויכעס גייט איבער די בורזשואזיע צום דירעקטן פארניכטן די מאשינעס. אין 1930 יאָר זײַנען בלויז נאָר אין די פארייניקטע שטאטן פון צפון־אמעריקע פארניכטעט געוואָרן 17 דאָמנעס מיט א יערלעכער מעכטיקײַט פון 1.285.000 טאָן.

אין ענגלאנד איז אין 1930 יאָר געשאפן געוואָרן א ספּעציִעלע געזעלשאפט (ניישאָנעל שיפּבילדערס סעקיוריטי לימיטעד) אפ אופקויפן און צעשטערן האפנס. אינעם באריכט פון דערדאָזיקער געזעלשאפט פארן 1931 יאָר איז אָנגעוויזן, אז זי האָט באקומען 71 שיפ־בוי־האפנס, וועלכע זײַנען פארמאכט געוואָרן און פארקויפט געוואָרן אפ ברוך. אין 1932 יאָר איז אין האמבורג פארניכטעט געוואָרן דער גראנדיִעזער בוי־האפן „וווּלקאנ". אינעם זעלבן יאָר זײַנען אין כעמניץ פארענדיקט געוואָרן די ארבעטן אפ צו צעשטערן איינע פון די גרעסטע אונטערנעמונגען פון סאקסאָניע—הארטמאנס מאשינבוי־זאוואָד. דערדאָזיקער זאוואָד איז באשטאנען פון 116 געבײַדעס און צעכן. אָבער דער קריזיס האָט אָפּגעטויט דעמדאָזיקן זאוואָד. נאָך אין 1930 יאָר האָבן אפ דעמדאָזיקן זאוואָד געארבעט

6.000 ארבעטער אונ 800 אָנגעשטעלטע. א באדײַטנדיקער טײל פונ די מאשינעס האָבנ די אײגנטימער פארקױפט אפ ברוכ. צוליב דעמ, וואָס דער זאוואָד האָט אינ 1932 יאָר ניט בארעכטיקט אפילע דאָס אָפצאָלנ די ערד־שטײַערנ אונ די אויסגאבנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט דער אופזיכט אפ דער געבײַדע, האָט מענ אימ צעשטערט.

אינ די פארײניקטע שטאטנ פונ צאָפנ־אמעריקע זײַנענ אינ 1932 יאָר געווענ פארעפנטלעכט יעדיִעס וועגנ צעשטערנ מאשינעס אפ די טעקסטיל־אונטערנעמונגענ. אינ צענטער פונ דער טעקסטיל־אינדוסטריע פונ די פארײניקטע שטאטנ פונ צאָפנ־אמעריקע, אינעמ שטאט מאסאטשוזעטס ווערנ טעגלעכ אפ א געהײמענ אויפנ פארניכטעט טויזנטער שפינערײַענ אונ ווארשטאטנ. אפ די פאבריקנ אינ בריסטאָל זײַנענ פארניכטעט געוואָרנ 1.800 ווארשטאטנ אונ 70.000 שפינערײַענ. אפ דער פאבריק פונ פירסנ — 600 ווארשטאטנ אונ 3.400 שפינערײַענ. אפ דער פאבריק „סאול“—600 ווארשטאטנ אונ 1.900 שפינערײַענ.

פארשטײט זיכ, אז דאָס זײַנענ נאָר עטלעכע באזונדערע בײַשפילנ פונ דער אומגעהויערער צאָל פאקטנ. די קאפיטאליסטנ גיבנ ניט אָפ קײנ עפנטלעכנ באריכט פונ זײערע צעשטערונג־טעטיקײַט.

אינ דער אטמאָספער פונ דער אָרגאניזירטער צעשטערונג פונעמ ווילדנ בורזשוא די פראָדוציר־קויכעס, וועלכע פאסנ זיכ ניט ארײַנ אינ די ראמענ פונ די פראָדוציר־באציִונגענ פונ קאפיטאליזמ, ווערט פארשפרײט די אידעאָלאָגיע פונ אנטיטעכניציזמ. „מיטנ רוקנ צו דער טעכניק“!, „אײַנצאמענ די מאשינ!“, „צוריק צו דער האק“!, „צוריק צומ האנט־ווארשטאט!“, „אראָפ מיטנ מאשיניזמ!“ — רופנ זיכ איבער די מאשינעס־צעשטערער מיט דער האָפענונג צו ראטעווענ דעמ אונטערגײענדיקנ קאפיטאליזמ.

אײנער פונ די סאמע דורכגעטריבענע בורזשואזע פאָליטיקאנער זשאָזעפ קײַא האָט אויסשעפנדיק כאראקטעריזירט די באדײַטונג אונ דעמ אינהאלט פונ די אנטיטעכנישע לאָזונגענ, וועלכע עס פרײדיקט די בורזשואזיע.

אינ זײַנ בארימטנ אינטערוויו, וואָס קײַאָ האָט געגעבנ דעמ מיטארבעטער פונ דער דיסעלדאָרפער צײַטונג „מיטאג“, האָט קײַאָ פראָקלאמירט, אז אײנע פונ די וויכטיקסטע אורזאכנ פונעמ וועלט־קריזיס איז די מאשינ. „די מאשינ שטויסט ארויס דעמ מענטשנ... מע דארפ אײַנצאמענ די וואקסנדיקע וויסנשאפט, פארהאלטנ די ראציִאָנאליזאציע... פארצאמענ די טעכניק“.

אינ פעווראל 1932 יאָר האָט קײַאָ אינ אײנער פונ זײַנע רעדעס, וועלכע ער האָט געהאלטנ אינ פאריזש, געזאָגט: „די טעכניק שאפט ארבעטלאָזיקײַט אינ אסאכ פאלנ, זי פארוואנדלט דעמ פארדינסט פונ די ארבעטער, וואָס ווערנ אָפגעזאָגט פונ דער ארבעט, אינ איבערפלוס־דיווידענדנ פונ די אקציִאָנערנ. די וויסנשאפט „אָנ א געוויסנ“, ניט דערוואָרעמט „מיטנ געוויסנ“, ברענגט שאָדנ די מענטשנ. די מענטשנ דארפנ אײַנצאמענ די וויסנשאפט. דער הײַנטצײַטיקער קריזיס—איז א מאפאָלע פונ דער וויסנשאפט“.

אינ א צווײטער רעדע, וואָס קײַאָ האָט געהאלטנ אינ אפריל 1932 יאָר אינ נאנטע, האָט ער געמאָלדנ: „די מאשינ האָט נאָכ מער פארטיפערט די טרויעריקע לאגע, ארויסווארפנדיק ארבעטער אפ דער גאס, פארורטײלנדיק זײ אפ ארבעטלאָזיקײַט“...

אָט אזוי זעענ אויס די „גענעראלע אײַנשטעלונגענ“ פונ אײנעמ פונ די אָנפירנדיקע בורזשואזע פאָליטיקער פונ אונדזער צײַט אינ געביט פונ דער אזויגערופענער „טעכנישער פאָליטיק“. מיט קײַאָס מויל רעדט זײַנ קלאס.

צי איז דענ אינ דער ווירקלעכקײַט ניט טשיקאווע צו דערווײַזנ, ווי טיפ גערעכט, ווי היסטאָריש־קלוג עס זײַנענ די פאבריקאנטנ פונ מאנטשעסטער, די זאוואָד־אייגנטימער פונ טשיקאגאָ, די שאכטעס־אייגנטימער פונ פענסילוואניע, וועלכע פילנ אויס די גרויסע געזעלשאפטלעכע מיסיע פונ צעשטערנ די פארפלוכטע מאשינ, וואָס ברענגט אָרעמקײַט דער מענטשהײַט?...

צי איז דענ אינ דער ווירקלעכקײַט ניט טשיקאווע אײַנצורײדנ מיליאָנענ, וועלכע דער קאפיטאליזמ האָט ארײַנגעוואָרפנ אינ אָפגרונט פונ ארבעטלאָזיקײַט, הונגער, פיזישער אויסראָטונג, שווערע מאטעריעלע באדינגונגענ אונ אומגעהערטע לײַדנ, אז די מאשינ — אָט ווער עס איז זייער עמעסער סוינע?... דאָס האָט זי בא אײַכ צוגענומענ דעמ פארדינסט, דאָס האָט זי אײַכ ארויסגעוואָרפנ הינטער די ווענט פונ דער פאבריק, דאָס האָט זי בא אײַכ אונ בא אײַערע קינדער ארויסגעריסנ דאָס לעצטע שטיקל ברויט. פארשאָלטנ זאָל זי ווערנ, דידאָזיקע שטאָלענע, רוישנדיקע מאשינ!...

די בעקאָוועדיקע ארבעט פונ די אנטשפרעכנדיקע „דערווײַזונגענ" אונ „באגרינדונגענ" גיט די בורזשואזיע איבער אירע דיפלאָמירטע לאקייענ. אויספילנדיק די סאָציאלע באשטעלונג פונ די קאפיטאליסטנ, זעצט איבער די בורזשואזע וויסנשאפט אפ דער שפראכ פונ דער פילאָסאָפישער, סאָציאָלאָגישער, עקאָנאָמישער ארגומענטאציע דעמ מיפ וועגנ דער טעכנאָלאָגישער ארבעטלאָזיקײַט, וועלכע איז געשאפנ געוואָרנ דורכ די הערנ קײַאָ, וועגנ דער לעגענדע, וואָס זיי קולטיווירנ וועגנ דער אנטיסאָציאלער מאשינ...

צווישנ די אויספילער פונ דערדאָזיקער סאָציאלער באשטעלונג געהערט איינער פונ די ערשטע ערטער אָסוואלד שפענגלערנ. די שפענגלערישע פארפלוכונג פונ דער מאשינ האָט געפונענ א הילכיקנ רעזאָנאנס אינ די באדינגונגענ פונ דעמ אלגעמיינ־קאפיטאליסטישנ קריזיס, אינעמ צושטאנד פונ דעמ צעפוילנדיקנ קאפיטאליזמ.

שפענגלערס רעטאָרישער זשארגאָנ, זײַנע צופיל קלוגעטשקע מײַסעלעכ, וועלכע זײַנענ מיט א צענדליק יאָר צוריק טרעטירט געוואָרנ דורכ דער בורזשואזיע ווי א פילאָסאָפיע פונ א שלעכטנ טאָנ, הייבט אָנ צו געפינענ א ברייטנ אָפקלאנג אינ די הערצער פונ די הערנ מאשינעס־צעשטערער. שפענגלער הייבט אָנ ארויסצוטרעטנ אינ דער ראָליע פונ אנ אָנערקענטנ אידעאָלאָג פונעמ אנטימאשיניזמ, אנטיטעכניציזמ, ער רינגלט זיכ ארומ מיט אנ אָרעאָל פונ א „נאציאָנאלנ פילאָסאָפ". שפענגלערס בוכ „דער מענטש אונ די טעכניק", דערשינענ אינ 1931 יאָר, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר א פאנאנדערגעוויקלטע פאָרמ פונ אנטיטעכניציזמ, איז בעסער ווי אלצ צוגעפאסט פאר די, וואָס האָבנ זיכ פארלאָרנ פארנ אומגעהערטנ קריזיס אונ אָנוואקסנדיקנ רעוואָליוציאָנערנ אופברויז פונ די, מאסנ, פאר די וואָס פארגליווערנ די פראָדוציר־קויכעס, וואָס צעשטערנ די מאשינעס.

שפענגלער שטעמפלט דעמ „טריוואלנ אָפטימיזמ" פונ דער טעכנישער ציוויליזאציע, וועלכע האָט געהאָפט אריבערוואַרפנ אפ דער מאשינ די קלאָלע פונ דער ארבעט, באפרײַענדיק דעמ מענטשנ פונ דערדאָזיקער קלאָלע. דער גלויבנ אינ דער טעכניק איז געוואָרנ א מאטעריאליסטישער. מיט אזא סינע רײדנ וועגנ דער טעכניק, ווי דאָס טוט שפענגלער, קענ נאָר א פארביסענער אידעאָלאָג פונעמ אונטערגייענדיקנ קאפיטאליזמ, וועלכער איז דערגאנגענ אינ זוכנ א רעטונג צומ צעשטערנ די מאשינעס. שפענגלער, לעמאָשל, טײַטשט אזוי אויס די באציִונג פונ דער „מאטעריאליסטישער רעליגיע" צו דער טעכניק: „די טעכניק איז אייביק אונ סטאביל, ווי גאָט דער פאָטער: זי באפרײַט די מענטשהײַט, ווי דער גאָט־זונ; זי לײַכט אונדז ווי דער הייליקער גײַסט. אונ איר אָנהענגער איז דער

בירגער, װאָס איז באַצױבערט מיטן פּראָגרעס פֿון דער נײַער צײַט (דער פֿאָרשריט־פֿיליסטער) פֿון ליאַמעטרי ביז לענינ [1]).

שפּענגלער סטאַרטעט זיך דערװײַזן די אומזיסטע און אומנוציקע שטרעבונגען פֿון די „פּריסטער פֿון דער מאַטעריאַליסטישער רעליגיע" צו אונטערװאַרפֿן זיך די נאַטור מיט מיליאַרדן פֿערדקראַפֿט, װאָס זײַנען פֿאַרקערפּערט אין דער מאַשין. די מאַשין איז ניט נאָר, װאָס זי ברענגט ניט קײן פֿאַרלײַכטערונג דער מענטשהײַט, נאָר פֿאַרקערט, זי פֿאַר־גרעסערט דעם יאָך. פֿאַרװאָס? ענטפֿערנדיק אױף דערדאָזיקער פֿראַגע, װײַזט דאָ שפּענגלער אַרױס דעם אינהאַלט פֿון זײַנע פֿילאָסאָפֿישע באַטראַכטונגען. ער פֿאַרפֿלוכט די מאַשין פֿריִער פֿון אַלץ דערפֿאַר, װײַל זי האָט, קלױמערשט, געזײט סינע צװישן דעם אונטערנעמער און דעם אַרבעטער. דערמאָנענדיק מיט אַ זיפֿץ װעגן יענע אידילישע צײַטן, װען די צוזאַמען־אַרבעט פֿון די באַלעבאַטים און די אַרבעטער איז געװען „אַ מין געזעלשאַפֿט". שפּענגלער טרױמט װעגן דעם, װאָס אין פֿאַסטס מאַשין־פֿעריאָד „איז געפֿערלעך אױסגעװאַקסן די גײַסטיקע שפּאַלטונג צװישן די אָנפֿירער און די אָנגעפֿירטע" (אױף שפּענגלערס שפּראַך באַטײַט עס צװישן די אונטערנעמער און די אַרבעטער), װעגן דעם, װאָס זײ „פֿאַרשטײען מער ניט אײנער דעם אַנדערן [2])".

און אָסװאַלד שפּענגלערן, און זײַנע הױכע באַשיצער פֿונעם „הערן־קלוב" איז נײטיק אַזאַ „קעגנזײַטיקע צוטרױגערעדקײַט" פֿונעם פֿאַבריקאַנט און אַרבעטער, בײַ װעלכער דער קאַפּיטאַליסט קען אומגעשטערט עקספּלואַטירן דעם פּראָלעטאַריער.

שפּענגלער האַלט, אַז די טראַגעדיע, צו װעלכער עס פֿאַרורטײלט די מענטשהײַט די אַנטװיקלונג פֿון דער טעכניק, דערנענטערט זיך איצטער צום סאָף. עס קומט אָן די שאָ פֿון פֿאַנאַנדערצאָלן זיך פֿאַרן אָפּגעבן זיך צופֿיל מיט דער טעכניק. „די מעכאַניזאַציע פֿון דער װעלט איז אַרײַנגעטראָטן אין אַ סטאַדיע פֿון אַ געפֿערלעכער איבעראָנשטרענגונג (געפֿערלעכסטער איבערשפּאַנונג)... די קינסטלעכע װעלט זאַפּט דורך און פֿאַרסאַמט די נאַטור־װעלט. די ציװיליזאַציע אַלײן האָט זיך פֿאַרװאַנדלט אין אַ מאַשין, װעלכע טוט אַלץ אָדער װיל טאָן אַלץ מאַשינענאַרטיק. אױב מע דענקט, איז נאָר אין פֿערד־קראַפֿט. מע קען ניט קוקן אױף אַ װאַסערפֿאַל, אַז מע זאָל אים ניט פֿאַרװאַנדלען אין אַן עלעקטרע־קראַפֿט" [3]).

שפּענגלער שילדערט די רעאַקציע, װעלכע קומט אָן אין רעזולטאַט פֿון דער „טעכני־שער איבעראָנשטרענגונג". די מענטשן האָבן זיך איבערגעזעטיקט מיט דער טעכניק. עס קומט אָן אַן אַזױגערופֿענער פּאַציפֿיזם אין קאַמף מיט דער נאַטור, אַ שטרעבונג זיך אַרױסצורײַסן פֿון דער קאַלטער אַטמאָספֿער פֿון טעכניציזם. אַזױ האַנדלען יענע, װעלכע שפּענגלער האַלט פֿאַר אױסדערװײלטע. „טאַקע נאָר די שטאַרקע און שעפֿעריש־באַגאַבטע, — באַשטעטיקט ער, — גיבן זיך אַ קער פֿון די פּראַקטישע פּראָבלעמעס און װיסנשאַפֿטן צו דער רײנער ספּעקולאַציע. דער אָקולטיזם און ספּיריטיזם, װאָס זײַנען פֿאַרהאַסט געװאָרן אין די צײַטן פֿון דאַרװיניזם, די אינדישע פֿילאָסאָפֿיע, די מעטאַפֿיזישע טענדענצן פֿון דער קריסטלעכער אָדער הײדנישער באַפֿאַרבונג שװימען װידער אַרױף" [1]).

---

[1]) זע Osw. Spengler. Der Mensch und die Technik. Verl. Beck. München, 1931. s. 71.

[2]) דאָרט ז. 73.

[3]) דאָרטן, ז. 79.

[4]) דאָרטן, ז. 82.

קעדיי צו בארעכטיקן און „באגרינדן“ דעמדאָזיקן קער פון דער טעכניק צו דער טייוולאָנישקייט, וועלכן די בורזשואזיע מאכט אין דער עפּאָכע פון צעפוילנדיקן קאפּיטאליזם, סטארעט זיך שפּענגלער צו דערווייזן, אז די מאשין האָט זיך אויסגעלעבט, אז דער טעכנישער פּראָגרעס איז ניט נאָר אומזיניק, נאָר אויך שעדלעך. דער אווטאָמאָביל, אדאנק זיין פארשפּרייטונג, האָט פארלאָרן יעדע באדייטונג—אין די גרויסע שטעט גייט מען גיכער צופוס. אין ארגענטינע און אין יאווע באזיגט דער אקער פון קליינעם פּויער די מאָטאָרן. שפּענגלער רעכנט אויס א צעטל פון גרויסע פארברעכנס פון דער מאשין. די מאשין האָט געשאפן אן אָפּגרונט צווישן די אָנפירער מיט דער ארבעט און זיינע אויספילער, צווישן קעפּ און הענט, זי שטויסט די מאסע צו אופשטאנדן קעגן די „פירער“ פון ווירטשאפטלעכן לעבן. די מאשין האָט צוגענומען בא די „ווייסע“ פעלקער יענע פאָרזוגן, וועלכע עס האָט זיי געגעבן די אינדוסטריעלע אלוועלטלעכע הערשאפט. זי האָט געמאכט די טעכניק פאר א פארמעגן פון די פארביקע און מיט דעם האָט זי א קלאפּ געטאָן אין הארץ פון דער פאוסט־קולטור. זי פארורטיילט מיליאָנען ווייסע ארבעטער צו ארבעטלאָזיקייט. שפּענגלער באהאלט ניט פון זיך און ניט פון זיינע לייענער דעם גרויזאמען כאראקטער פון דער ארבעטלאָזיקייט, וואָס איז געבאָרן דורכן קאפּיטאליזם. „דאָס איז ניט קיין קריזיס,—רופט ער אויס,—נאָר אן אָנהייב פון א קאטאסטראָפע“...

צו דערדאָזיקער קאטאסטראָפע האָט געבראכט די ניטגעצאמטע אנטוויקלונג פון דער טעכניק, וואָס האָט געשאפן א „פאוסט־ציוויליזאציע“. איצט גייט אונטער דידאָזיקע ציוויליזאציע. „די געשיכטע פון דערדאָזיקער טעכניק דערנעענטערט זיך שנעל צום אומפארמיידלעכן סאָף. זי וועט פארניכטעט ווערן פון אינעווייניק, ווי אלע גרויסע פאָרמעס פון וועלכער ניט איז קולטור“. שפּענגלער זאָגט נעוויִעס, אז די צוגן און שיפן וועלן מיט דער צייט פארגעסן ווערן, ווי די רוימישע וועגן און די כינעזישע וואנט, אז אונדזערע גיגאנטישע שטעט מיט זייערע הימלקראצערס וועט טרעפן דער גורל פונעם אורא‌לטן מעמפיס אָדער באָבל. אָט דאָס איז דער גורל, וואָס שפּענגלער האָט צוגעגרייט פאר דער היינטצייטיקער טעכניק.

עס איז אינטערעסאנט, אז דער פאשיסטישער פילאָסאָף שפּילט דערביי די ראָלע פון א פאטאליסט, וואָס איז אונטערגעוואָרפן זיין גורל. קעדיי ניט אָפּנארן זיך מיט האָפנונגען, ווייל „אָפּטימיזם איז פאכדאָנעס“, ווי עס זאָגט איינער פון שפּענגלערס אפאָריזמען, האלט ער, אז די מענטשהייט דארף זיך אונטערווארפן דאָס אומפארמיידלעכע, צו וואָס עס האָט אים געבראכט די סאטאנישע מאשין. „אויסשטיין אפן פארלאָרענעם פאָסטן הילפלאָז און אָן אויסזיכטן אפן רעטונג—דאָס איז א כויוו, אויסשטיין, ווי יענער רוימישער סאָלדאט, וועמעס ביינער מע האָט געפונען בא די ווענט פון פּאָמפּיי, וועלכער איז געשטאָרבן דערפאר, ווייל ווען דער וועזוווי האָט זיך פאנאנדערגעשפּילט, האָט מען אים פארגעסן אראָפּנעמען פון פאָסטן“...

אויב שפּענגלערס פּאָנעם וואָלט אונדז ניט געווען באקאנט פון אנדערע ווערק אלס א קעמפער פאר דער פאשיסטישער רעאקציע, אלס א קעמפערישער אידעאָלאָג פונעם צעפוילנדיקן קאפּיטאליזם, וואָלטן מיר אוודאי געקאָנט אָננעמען פאר ערנסט זיין פאטאליזם, דאָס קנעכטישע נייגן זיין פילאָסאָפישע פּלייצע פארן היסטאָרישן גורל. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז שפּענגלערס פאטאליזם א פאָקוס־פּאָקוס פון א פאשיסטישן פילאָסאָף. שפּענגלער איז גאָרניט פאראינטערעסירט אין דעם, אז די בורזשואזיע זאָל זיך רויִק לייגן אין קייווער, וואָס די געשיכטע האָט פאר איר צוגעגרייט. זיין גאנצע לאָגיסטישע עקווי־

ליבריסטיק, אלע זײַנע פילאָסאָפישע קאָנסטרוקציעס זײַנען געווענדעט אין איין ציל: פאר־שטארקן די פאנאנדערפאלנדיקע קראפט פון די קאפיטאליסטישע רויבער. דידאָזיקע קראפט הארמאָנירט ניט מיט דער טעכנישער אנטוויקלונג, מיטן וווּקס פון די פראָדוציר־קויכעס מיט דער פארפולקאָמונג פון דער מאשין. דער אויספיר פון שפענגלערן איז קלאָר: צאמט אײַן די טעכניק, צעברעכט די מאשינעס, זאָגט ער זײַנע באלעבאטים, אויב ניט, דערווארט אײַך דער טרויעריקער גורל פונעם רוימישן סאָלדאט, וואָס איז באגראָבן געוואָרן אונטער דער לאווע פון וועזווּוי. דער וועזווּוי פון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע רויכערט זיך שוין. צעברעכט־זשע די פארפלוכטע מאשינעס, וועלכע דראָען אונדז מיט א קאטאסטראָפע. לאָזט בלויז באם ארבעטער, וועלכער גרייט זיך מיט דער הילפ פון דער מאשין אראָפּ־ווארפן פון זיך דעם יאָך, וועלכער איז אים אָנגעצייכנט געוואָרן דורך גאָט און דער גע־שיכטע... נאָך אין זײַן ארבעט „פרויסענטום אונד סאָציאַליזמוס", וואָס איז ארויסגעלאָזן געוואָרן אין 1921 יאָר, האָט שפענגלער דערמאָנט, אז נאָר „בלוט לייזט פארהעלטניסמעסיק די צוקונפט", אז „אידייען ווערן דערגרייכט נאָר מיט בלוט, מיטן אינסטינקט, און ניט מיט אבסטראקטן דענקען"... זײַן לעצטע ארבעט „פּאָליטישע שריפטען", וואָס איז ארויס סאָף 1932 י., שטעלט מיט זיך פאָר א דיפיראמב יענעם סאָלדאט אין די פרײַסישע באָט־פאָרטן און נאפּאָלעאָנישן דרײַקאנטיק היטל, וועלכער וועט ארויספירן די מענטשהײַט פונעם כאאָס, וואָס איז געשאפן געוואָרן דורך דער מאשין, דורכן ליבעראליזם און הומאניזם. דערדאָזיקער סאָלדאט־באפרײַער זעט אויס אביסל אנדערש, ווי דער פּאָמפּיייִשער קנעכט, וואָס איז באגראָבן געוואָרן דורכן וועזווּוי. ער איז אָנגעטאָן אין א ברוינע העמדל מיט פאשיסטישן צייכן. דער פאטאליסטישער שלוס פון שפענגלערס בוך וועגן דער טעכניק איז נאָר—אן אָראטערישער מאנעוור פון א כיטרען אדוואָקאט, וואָס רופט צו צעשטערן די טעכניק, קעדיי צו ראטעווען די עקספלואטאטערס.

צווישן די הײַנטצײַטיקע אידעאָלאָגן פון אנטיטעכניציזם דארף מען באזונדערס אויס־טיילן אנרי בערגסאָן. דאָס איז שוין ניט קיין פילאָסאָפישער פּארוועניו, ניט קיין נעכטיקער לערער פון א פּראָווינציִעלער גימנאזיע, ווי שפענגלער. דערדאָזיקער אָנערקענטער פילאָ־סאָפישער מעטר האָט, ווי באוווּסט, ארויסגעלאָזן אין 1932 י. אן ארבעט, וואָס פירט אונטער סאכאקלען פון זײַנע פיליאָריקע פילאָסאָפישע געדאנקען: „צוויי קוואלן פון מאָראל און רעליגיע".

בערגסאָן דערווײַזט אין זײַן נײַעם בוך, אז „די מענטשהײַט קרעכצט א האלב־דער־דריקטע אונטער דער שווערקײַט פון פּראָגרעס און טעכניק, וועלכע איז דורך איר געשאפן געוואָרן.[1]) די הײַנטצײַטיקע מענטשהײַט לעבט אין אָרעמקײַט דערפאר, ווײַל איר האָט אײַנגעשלונגען דער שווערער שטענדיקער קאמף פארן טרוקן שטיקל ברויט. אין רעזולטאט פונעם דאָזיקן קאמף איז די מענטשלעכע קולטור אוועק ניט לויט דעם מיסטישן, נאָר לויט דעם מעכאנישן וועג. דער מעכאנישער וועג, די הערשאפט פון דער מאשין האָבן געבראכט צו דעם, אז עס האָט זיך אין פיל מאָל פארשטארקט און פארפעסטיקט דער מענטשלעכער קערפער, אָבער די מענטשלעכע נעשאָמע איז פארבליבן אזא שוואכע, ווי ביז דעם. אין רעזולטאט—א קאָנפליקט צווישן דעם קערפער און דער נעשאָמע פון דער מענטשהײַט: „דער אויסגעוואקסענער קערפער ווארט עס זאָל פארפולט ווערן די נעשאָמע, די מעכאניק רופט די מיסטיק".

[1]) זע Henri Bergson. Les deux sources de la morale et de la rèligion. Felix Alcan. Paris, 1932, p. 346.

בערגסאָן ווייס פונקט אזוי גוט ווי שפענגלער, וואָס פאר א צאָרעס דער „מעכאנישער וועג״ האָט געבראכט דער מענטשהײַט, ער טרויערט אויך איבער דעם, וואָס אדאנק דעם מאשיניזם „האָט זיך פאַרגרעסערט דער שטעכל און עס האָבן זיך געענדערט די באַציִונגען צווישן דעם באַלעבאָס און ארבעטער, צווישן קאפיטאל און ארבעט״. אָבער בערגסאָן איז א צופיל ראפינירטער פילאָסאָף, קעדיי צו מאכן א סאָף מיט דער טעכניק לויט דער זעלנערישער אייצע פון שפענגלערן. ער זוכט פאר דעם מער ראפינירטע מיטלען, מע דארף די טעכניק ברענגען אין אָרדענונג און מאכן זי געפערלאָז מיט דער מיסטיק, מע דארף קעגנשטעלן דעם דעמאָניזם פון דער מאשין די גײַסטיקײַט פונעם מענטשן. דער מענטשלעכער פארשטאנד, וואָס האָט באשאפן די מאשין, פארשטעמפלט זײַן פאנאנדערלייגנדיקע קראַפט אינעם קולט פון דער מאשין, אינעם מאשיניזם, וועלכן עס האָט געבאָרן די דעמאָקראטיע מיט איר דערפינדונג־גײַסט. דער פאנאנדערלייגנדיקער קראַפט פונעם פארשטאנד איז נייטיק קעגנצושטעלן די פארטיידיקונג־רעאקציע פון דער נאטור. די דאָזיקע רעאקציע איז פארקערפערט אין דער רעליגיע... די רעטונג פון דער מענטשהײַט, וואָס קרעכצט אונטער דער שווערקײַט פון דער טעכניק, איז אין אומקערן זיך צום פּאָשעטן לעבן. די מענטשן דארפן באקעמפן די טעכנישע קנעכטשאפט און ווערן גוטער. „די מענטשהײַט ווייס נאָך ניט גענוג, אז די צוקונפט איז אָפּהענגיק פון איר, זי דארף זיך פריִער פון אלץ קלאָר מאכן, צי וויל זי נאָר פאָרזעצן לעבן. זי דארף זיך אויך פארנעמען מיט דער פראגע, צי וויל זי נאָר עקזיסטירן, אָדער ניט באגרענעצנדיק זיך מיט דעם, מאכן א פרווו, וואָס איז נייטיק, קעדיי אפ אונדזער רעבעלירנדיקער פלאנעטע זאָל פארווירקלעכט ווערן די מיסיע, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרן דער וועלט, דערדאָזיקער מאשין אפ שאפן געטער״.

ווער־זשע וועט ברענגען די מענטשהײַט צו דעם, זי זאָל עס פארשטיין? בערגסאָן, פונקט ווי שפענגלער, ווארט אפ אזא, וואָס זאָל באפרײַען די מענטשהײַט פונעם יאָך פון מאשיניזם. אָבער דערדאָזיקער באפרײַער — איז ניט שפענגלערס סאָלדאט אין דעם דרײַקאנטיק היטל, נאָר א מיסטישער זשעני פון דער גרויסער שעפערישער פערזענלעכקײַט. „זאָל נאָר קומען א זשעני־מיסטיקער, ער וועט פירן נאָך זיך די מענטשהײַט, וואָס איז אָן א מאָס אויסגעוואָקסן מיטן קערפער, און זײַן נעשאָמע וועט ער איבערגעשטאלטן״.

אָט אזא איז דער צווייטער פון די מאשינעס־צעשטערער פון צעפוילנדיקן קאפיטאליזם אין אנדער ארגומענטאציע, אנדערע פילאָסאָפישע באגרינדונגען, אנדערע רעטונג־וועגן, אָבער דערזעלבער האס פונעם איבערגעשראָקענעם בורזשוא צו די פאנאנדערגעוואָקסענע פראָדוציר־קויכעס, וועלכע דער קאפיטאליזם קען ניט בײַקומען. דערזעלבער מאכטלאָזער און פארביסענער פראָטעסט קעגן דער דעמאָנישער מאשין, וואָס דראָט דער מענטשלעכער קולטור...

אין דער צײַט,[*] ווען אגרי בערגסאָן האָט ארויסגעטראָגן נאָך אין דער טיפעניש פון קאבינעט זײַן געטלעכן אנטימאשיניזם, און אָסוואלד שפענגלער האָט שוין געשטורעמט די טעכניק, פאָרויסזאָגנדיק דעם אונטערגאנג פון אייראָפּע, האָט דער אמעריקאנער עקאָנאָמיסט סטיוארד טשייז געזונגען פײַערלעכע הימנען דער מאשין־באפרײַערן פון דער מענטשהײַט ארום אים זײַנען שנעל געוואקסן הימלקראצערס, איבער די אספאלט־וועגן האָט זיך געצויגן דער אווטאָמאָביל־קאָנווייער, הענרי פאָרד האָט געטראָגן דער וועלט די יעוואנגעליע פון ארגאניזירטן קאפיטאליזם, דער אמעריקאנער דאָלער האָט געהערשט איבער דער וועלט. דאן איז טשייז באגײַסטערט געוואָרן מיט די עקספרעסן פון די טראנסקאָנטינענטאלער

ליניעס און מיט די טווין־סיטיס פון מינעאפּאָליס. ער האָט באַזונגען „דיראַזיקע פּרעכטיקע זײַט פון אונדזער ציוויליזאַציע". טשייז האָט דאָך פּראָקלאַמירט לאָזונגען פון באַפרײַען די טעכניק. „די קאָמפּליצירטע טעכנישע בױונג דאַרף געפירט ווערן אונטער דער אָנפירונג פון אינזשענערן און ניט קיין הענדלער, אָבער דער טעכניקער—דער הײַנטצײַטיקער פּראָמעטײַ, איז געשמידט אין קייטן".

עס זײַנען דורך באַ 3 יאָר. די פּראָספּעריטי, וואָס איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַ נײַער עפּאָכע פון דער מענטשלעכער געשיכטע, איז צעזייט געוואָרן מיטן ווינט. אונטער די קלעפּ פונעם קריזיס האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן די ציטאַדעלן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. די פּאָליציי האָט זיך אָפּגערעכנט מיט די אַרבעטלאָזע מילכאָמע־וועטעראַנען מיט גיפט־גאַזן. דער קריזיס האָט אָנגעווענדעט דעם געדאַנק פונעם קליין־בורזשואַ טשייז אין דער זײַט פון שפּענגלערס מאַשינען־צעשטערונג. דער קליין־בורזשואַ, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק געריידט וועגן דעם, אַז דער „ווירוואַר, מישמאַש, געדראַנג" פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דאַרף גענומען ווערן אונטער אַ נאַציאָנאַלן קאָנטראָל, וועלכע האָבן געפּרוווט אַפילו קעגנשטעלן די „פּראָדוציר־אַנאַרכיע" און דעם „סאָוועטישן מעלוכע־פּלאַן" אונטער דער ווירקונג פונעם קריזיס, האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די ריטער פון דער „טעכנאָלאָגישער אַרבעטלאָזיקייט". צוזאַמען מיט די שפּענגלערס און בע־גסאָנס פאָדערט ער פעסטער אײַנצאַמען די „טעכניק פונעם הײַנטצײַטיקן פּראָמעטײַ", כדי די הענדלער זאָלן קענען פאָרזעצן ווײַטער זאַך...

אין אַן אַרטיקל, אָפּגעדרוקט אין יוני 1932 י. אין זשורנאַל „ניו־ריפּאַבליק"! אונטערן קעפּל „דער לויף פון פּראָגרעס", טרעט טשייז אַרויס אַלס אידעאָלאָג פון אַנטיטעכניציזם. ער פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די נײַע דערפינדונגען רײַסן אַרונטער גאַנצע פּראָדוציר־צווײַגן, פאַרניכטן קאַפּיטאַלן, לאָזן אָפּ ברוך קאָלאָסאַלע זאַפּאַסן פון שטאָל און צעמענט. דער טעכנישער פּראָגרעס, זאָגט ער, ברענגט צו אַ פאַרשווענדערישער עקספּלואַטאַציע פון די נאַטירלעכע רעסורסן, דער טעכנישער פּראָגרעס, די נײַע טעכנישע דערפינדונגען ברענגען דער מענטשהײַט אומגליק. „פאַרמאַכנדיק די אויגן, — מאָלט טשייז, — קען מען זיך פאָרשטעלן די גיגאַנטישע רויב, וועלכע שלינגט אײַן די אוראַלטע וועלדער, רײַכע ערד, בערג מיט קוילן, טײַכן מיט נאַפט, הויפנס מיט אײַזן און פאָספאָר־באַגיטיקונגען, מינעראַלע אָפּפאַלן און אַפילו יאַם־פיש. און צוליב וואָס? צוליב דעם, קעדיי אַרויסשפּײַען אין רעזולטאַט פון אויסברענגען אַ קאָלאָסאַלע צאָל אַרבעט, וועלכע עס איז קאָנטאָרקעס, טאַבלעטקעס, ציגאַרן, אָנצינדערס, שפּילן אין גאָלף, הייזער אַבי ווי געבויט־לונאַ־פּאַרקן, סאַקסאָפאָנען, הימלקראַצערס, מעטראָפּאָליטענען, פישטשענדיקע הויכריידערס, אויספּאַרפירטע בענזין־קאַלאָנעס, סכוירע אַף הויזן, צוטשעפּ־מאָטאָרן, קיאָסקן אַף פאַרקויפן הייסע וורשטקישקעלעך... דעמדאָזיקן לויף פון פּראָגרעס איז נייטיק צו באַהערשן. דערשלאָגן זיך דאָס קען מען נאָר פאַרטאָרמאָזירנדיק די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק. טשייז זאָגט אָבער, אַז ער קלײַבט זיך נישט אינגאַנצן פאַרבאָטן די טעכנישע פאַרפולקאָמונגען, נאָר—פאַרלאַנגזאַמען זייערע טעמפּן. טשייז כאָלעמט „צו אַרײַנלייגן דעם טעכנישן פּראָגרעס אין אַ פאַרמאַכטער קײַלע און אַרויסלאָזן אים מאָסנווײַס". וויאַזוי זאָל מען דאָס פאַרווירקלעכן? גאָר פּאָשעט— „דערקלערן אַ מאָראַטאָריע אַף דערפינדונגען צום ווייניקסטנס אַף אַ צענדליק יאָר און באַטראַכטן אַלע דערפינדער אַלס געפערלעכע משוגענע, וועלכע דאַרפן האָבן די געהעריקע אויפפּאַסונג".

פון טשייזס פאָרשלאג וואָלט מען זיך געקענט אַרויסמאַכן, ווי פון א רעאַקציאָנערער אוטאָפּיע, וועלכער עס לוינט ניט צו שענקען קיין אויפמערקזאמקייט, אָבער מע וואָלט געקענט אזוי האנדלען, ווען דידאָזיקע אוטאָפּיע וואָלט ניט געווען פּאָפּולער צווישן גענוג ברייטע קרײַזן פון דער קליין־בורזשואזער אינטעליגענץ, וועלכע זוכן אן ארויסגאנג פון יענעם היסטאָרישן טעמפּן ווינקל, אין וועלכן עס האָט זיי פארפירט דער קאפּיטאליזם.

אלס איר אפּאָלאָגעט, לעמאָשל, טרעט ארויס זשאָרזש דיואמעל. דאָס איז שוין ניט קיין געלערנטער, נאָר א קינסטלער. שוין א״נ א ריי פון זײַנע קינסטלערישע שאפונגען „דאָס באהערשן די וועלט“, „א געשפּרעך אין בעהאלע“, האָט דיואמעל ארויסגעוויזן די סינע צו דער טעכניק, צו דער טעכנישער ציוויליזאציע. ווי א קינסטלער דערווײַזט שוין דיואמעל גאנץ לאנג, אז דאָס באהערשן די וועלט קען מען זיך דערשלאָגן נאָר דורך גײַסטיקן, און ניט דורך מאטעריעלן, טעכנישן וווילשטאנד. דער קריזיס האָט געשטויסן דיואמעלן צו נעמען די פּען פונעם פּובליציסט, קעדיי דערווײַזן דידאָזיקע אידייע. אינעם ארטיקל „אָפּרו די דערפינדער“ מאָלט דיואמעל די צאָרעס, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער טעכנישער פּראָגרעס. „די געלערנטע פארגרעסערן זייערע דערפינדונגען אין אזא צאָל, אז פון דאנען דרינגען ארויס זייער וויכטיקע איבעררײַסן אינעם ריטם פון דעם אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן. עס איז מער ניטאָ קיין שטאנדהאפטיקעס, קיין ענדגילטיקעס, אלץ בײַט זיך. אין פארלויף פון עטלעכע כאדאָשים ווערט יעדע דערפינדונג אלט. און מיט וואָס פאר א פּאָלגן... מיר רייצן איצט אויף די דערפינדער, ווי קלאָונס אָדער אקראָבאטן אין צירק, און פאראלעל פארמאכן זיך א גרויסע צאָל אונטערנעמונגען און עס ווערט פארשטארקט די ארבעטלאָזיקײַט“. וועלכע קאמף־מיטלען קענען דערדאָזיקער אריטמיע „פון אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן“ לייגן פאָר דער פראנצויזישער שרײַבער. דידאָזיקע מיטלען זײַנען גאנץ איינפאכע. דאָס איז דיזעלבע רעאקציאָנערע אוטאָפּיע פון טשייזן: „לאָזט סטאביליזירן די טעכניק מיט דעם, וואָס פינף יאָר זאָל איר פולשטענדיק אָפּגעזאָגט ווערן אין נײַע פאטענטן און עס זאָל פארבאָטן ווערן יעדע עקספּלואטאציע פון נײַע דערפינדונגען“.

די סאָציאַל־פאשיסטן, וועלכע זײַנען געוואָרן דער הויפּט־סאָציאַלער אָנשפּאר פון דער בורזשואזיע, שטייען ניט אָפּ אין זייער באטראכטן די טעכניק פון די רעאקציאָנערן. און אָטאָ באַוער איז דערשראָקן פון דער „איבעראָנשטרענגונג“ פון דער טעכניק ניט ווייניקער פון אָסוואלד שפּענגלערן. אין זײַן ארטיקל „דער אלוועלטלעכער גײַסטיקער קריזיס“ מעלדעט באוער, אז „די טעכניק איז דער האָרן פון אונדזער קולטור... מיסטער באביט שלעפּט זיך ארום אין די אָוונטן מיטן אווטאָמאָביל, דער אָנגעשטעלטער—מיטן מאָטאָציקלעט, דער ארבעטער—מיטן אפּאראט פון א דראָטלאָזן טעלעגראף. די מענטשן ווערן דורכגעדרונגען מיטן שטארקן אינטערעס צו אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו טעכניק... און דאָך, וואָס מער מיר לויבן דעם זיגרײַכן מארש פון דער טעכניק, אלץ שרעקלעכער זעט אונדז אויס די וועלט, וועלכע שאפט דעמדאָזיקן זיג. דער ארבעטער — בא דער קייטעלע, טאָג נאָך טאָג, שאָ נאָך שאָ, מינוט נאָך מינוט אין אן אייביקער איינארטיקײַט, אין א שטענדיקער בעהאדראָנעדיקײַט פון איינע און דיזעלבע באוועגונגען“.

די שווארצמייעדיקע אידייע פונעם טעכנישן רעגרעס, דאָס אײַנצאמען די טעכניק ווערט ניט זעלטן איבערגעפירט פון דער שפּראך פון פילאָסאָפן און סאָציאָלאָגן אף דער שפּראך פון פּאָליטיקער. אין דײַטשלאנד, לעמאָשל, זײַנען אנטשטאנען אין 1932 י. אייניקע פּראָ־

פאגאנדע־אָרגאניזאציעס פונ טעכנישנ רעגרעס. די מער באקאַנטע פונ זיי איז דער אזויגערופענער פארבאנד פונ קאמפ מיט די ניט־געזעלשאפטלעכע מאשינעס (דער קאמפ־בונד געגנ אונסאָציאַלע מאשינענ), די אָנפירונג פונ וועלכע עס געפינט זיכ אינ האנאָווער. דער פארבאנד דערקלערט אלס די הויפט־סיבע פונעמ היַינטציַיטיקנ קריזיס „די ווירטשאפטלעכ־פיַינטלעכע טעכנישע איבער־ראציאָנאליזאציע“. די פלאטפאָרמ פונ פארבאנד, וואָס איז געבויט אפ די פאָדערונגענ אומצוקערנ דיַיטשלאנד צו איר טעכנישנ פרימיטיוו, וועלכע פראָקלאמירט דעמ לאָזונג „ענטמאשיניזירונג“, זאמלט צונויפ טויזנטער אָנהענגער, הויפטזעכלעכ פונ דער קליינ־בורזשואזיע, וועלכע איז דערדריקט דורכנ קריזיס.

אינ אנ איינהיַיטלעכנ פראָנט פונ שפענגלערנ ביז באוערנ, פונ בערגסאָנענ ביז טשייזנ פירנ די אידעאָלאָגנ פונ צעפוילנדיקנ קאפיטאליזמ אונ זיַינע סאָציאַל־פאשיסטישע רויפימ א פראָפאגאנדע פונ א טעכנישנ רעגרעס, דאָס אומקערנ זיכ צו די פארוועלקטע טעכנישע פאָרמעס אונ מעטאָדנ, זיי פראָפאגאנדירנ דעמ לאָזונג „מיטנ רוקנ צו דער טעכניק“. עס ווערט דערוויזנ מיט אלע מיטלענ, אז די מאשינ קאלעטשעט די מענטשלעכע פערזענלעכקיַיט, אז זי שאפט אנ אומדערטרעגלעכנ אווטאָמאטיזמ פונ לעבנ. אינ דער קינסטלערישער ליטעראטור ווערט קולטיווירט אנ אידילישע אוראלטקיַיט. דער גראפ הערמאנ קיַיזערלינג פראָקלאמירט, אינ קעגנזאצ צו דער אורבאניסטישער ציוויליזאציע פונ מאשינ־דאָר, דעמ פרימיטיוונ „אינדוּיִזמ“ אונ קיטאיִזמ“.

ווי נעבעכדיק עס איז די פלאפלעריַי פונ דידאָזיקע אלע ארויסטרעטונגענ פונ די טעאָרעטישע אדוואָקאטנ פונ דער בורזשואזיע אפ פארטיידיקנ די „מענטשלעכע פערזענלעכקיַיט“ פונ דער מאשינ, וואָס קאלעטשעט זי אינ פארגליַיכ מיט יענע קלאסישע כאראקטעריסטיקעס פונ דער מאשינ, וואָס פארשקלאפט דעמ מענטשנ באמ קאפיטאליזמ, וועלכע זיַינענ געגעבנ געוואָרנ דורכ די גרונטלייגער פונעמ וויסנשאפטלעכנ קאָמוניזמ... אָבער מארקס אונ ענגעלס האָבנ באוויזנ, אז דער „פראָצעס פונ צעקאלעטשענ די מענטשלעכע פערזענלעכקיַיט דורכ דער קאפיטאליסטישער טעכניק אונ ארבעט־אָרגאניזאציע, וואָס פארוואנדלט דעמ מענטשנ אינ א טיילוויַיזנ אינדיווידיוומ“, וועט אופהערנ נאָר מיטנ פארניכטנ דעמ קאפיטאליזמ גופא. זיי האָבנ באוויזנ, אז נאָר דער סאָציאַליזמ וועט אָפנעמענ בא דעמ מענטשנ די מעגלעכקיַיט צו פארשקלאפנ די פערזענלעכקיַיט, אז ער וועט „אומקערנ דעמ מענטשנ צו זיכ זעלבסט“, אז ער וועט מאכנ די פערזענלעכקיַיט פילפארביק אונ פריַי. אונ די הערנ פארטיידיקער פונ דער מענטשלעכער פערזענלעכקיַיט פונעמ לאגער פונ די דיפלאָמירטע לאקייענ פונ דער בורזשואזיע געפינענ ניט עפעס בעסערס, ווי שריַיענ אינ איינ קאָל: „די מאשינ אונטערדריקט די פערזענלעכקיַיט, צעברעכט די מאשינ“!

א מאבל פונ אנטיטעכנישער פראָפאגאנדע פארפלייצט די ברייטע קריַיזנ, אינ די מאסנ זייט מענ דעמאגאָגיש א סינע צומ טיַיוול פונ דער אנטיגעזעלשאפטלעכער מאשינ, וואָס איז די סיבע פונ זייערע צאָרעס, ארבעטלאָזיקיַיט אונ אָרעמקיַיט. דידאָזיקע גאנצע רעאקציאָנערע וואקכאנאליע באקומט אינגאנצנ ניט קיינ ווידערשטאנד מיצאד די בורזשואזע געלערנטע, צווישנ וועלכע עס הייבט זיכ אָנ קולטיווירנ די אידיי פונ „קאניקולנ פאר דער וויסנשאפט“, פונ איַינצאמענ דעמ וויסנשאפטלעכנ טעאָרעטישנ געדאנק. די בורזשואזע מעשאָרסימ פארשטייענ גאנצ גוט, אז זייער גאנצע ספעקוליאציע אפ דער „טעכנאָלאָגישער ארבעטלאָזיקיַיט“ איז פארורטיילט אפ א קראכ נאָר באמ איינציקנ קעגנשטעלנ זי מיטנ פאקט פונ דער עקזיסטענצ פונ סאָוועטנפארבאנד, ווו דער גוואלדיקער וווקס פונ דער טעכניק, דער קאָלאָסאלער טעכנישער פראָגרעס ווערנ צונויפגעפאָרט מיט דער פולשטענ־

דיקער ליקווידאציע פונ דער ארבעטלאָזיקײַט. זיי פרווונ זיכ ארויסמאכנ פונעם דאָזיקנ פאקט, מאכנדיק א גוטע מינע בא א שלעכטנ שפילנ, ווי די, מיט וועלכער עס האָט זיכ פארנומענ אפנ פלענום פונ „פארבאנד פונ סאָציאַלער פאָליטיק" אינ ציוריכ דער געלערנטער סאָפיסט ארטור פײַלער. „אינ באצוג צו די פראָדוציר־ארבעט־פאָרמענ,—האָט געזאָגט דער ה' פײַלער,—וואָלט אפילע די ראדיקאלע סאָציאַליזאציע גאָרניט געענדערט, ווײַל פארנ גוירל פונעם ארבעטער האָט אנ אנטשיידנדיקע באדײַטונג די טעכניק, אונ פאר דער גרעסטער מערהײַט פונ דער מענטשהײַט איז די פאנאנדערטיילונג פונ דער ארבעט, די מעכאַניזירטע ארבעט אפ די גרויסע אונטערנעמונגענ א גוירל, אונ אזא וואָלט אויכ געווענ דער גוירל אינ דער סאָציאַליסטישער ווירטשאפט, ווי אינ יעדער ווירטשאפטלעכער אָרדענונג אינ אלגעמיינ, ווײַל די פראָדוציר־פאָרמעס הענגענ ניט אָפּ פונ קאפיטאליזם אונ סאָציאַליזם".

אָבער די סאָפיסטיק פונ די הערנ פײַלערס קענענ ניט באהאלטנ פונ די מאסנ דאָס פארשטיינ דעמ פאקט, אז די סיבע פונ דער ארבעטלאָזיקײַט איז ניט אינ דער מאשינ, נאָר אינ דער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואָס רינגלט ארומ די מאשינ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. ניט רײדנדיק וועגנ די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער, הייבט אָנ דאָס דאָזיקע פארשטיינ ארײַנדרינגענ אויכ אינ דער קליינבירגערלעכער סוויווע, אינ דער סוויווע פונ דער קליינ־טעכנישער אינטעליגענצ. צווישנ דעמ אינזשענערנטום פונ די קאפיטאליסטישע לענדער פארמערנ זיכ די שטימענ, וואָס זײַנענ געווענדעט קעגנ די רעאקציאָנערע אוטאָפּיעס פונ אנטיטעכניציזם. עס וואקסט דאָס פארשטיינ פונ דעמ, אז די סיבע פונ די עקאָנאָמישע צאָרעס—איז אינ דער ניט אנטשפרעכנדיקײַט פונ די פראָדוציר־באציִונגענ פונ קאפיטאליזם צו די אויסגעוואקסענע פראָדוציר־קויכעס. אינ דער הינזיכט זײַנענ זייער באלערנדיק די דעבאטנ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אפנ קאָנגרעס פונ די אינזשענערנ אונ ארכיטעקטערס פונ טשעכאָסלאָוואקיע, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ אָלמיוצ אינ יונ 1932 י. אונ אפנ צוזאמענפאָר פונ די דײַטשישע אינזשענערנ אינ בערלינ אינ אָקטיאבער 1932 י.

דאָכ דערגייט ניט די מערהײַט פונ יענער קליינבורזשואזער אינטעליגענצ, וועלכע הייבט אָנ צו פארשטיינ די גאנצע רעאקציאָנערקײַט פונ אנטיטעכניציזם, צו יענעם אנטשיידנדיקנ עמעס, אז דער איינציקער ארויסוועג פונעם היסטאָרישנ טעמפּנ ווינקל, אינ וועלכנ די בורזשואזיע האָט פארפירט די געזעלשאפט,—איז דער וועג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אונ פראָלעטארישער דיקטאטור.

אלס כאראקטעריסטישער בײַשפּיל אינ דער הינזיכט איז געווענ די אָרגאניזאציע, וואָס איז ברייט באוווּסט אונטערנ נאָמענ „טעכנאָקראטיע" („די הערשאפט פונ דער טעכניק").

די טעכנאָקראטיע איז אנטשטאנענ נאָכ אינ 1921 י. זי שטעלט מיט זיכ פאָר אנ אָרגאניזאציע, וואָס פארייניקט ביז 25 טויזנט אמעריקאנער אינזשענערנ אונ עקאָנאָמיסטנ, אינ דער שפּיצ פונ וועלכע עס שטייט האָווארד סקאָט אונ פראָפעסער ריטשארד טאָלמאנ. דער ציל פונ דער אָרגאניזאציע איז—דערלערנענ „די ווירקונג פונ אנטוויקלענ די טעכניק אפנ סאָציאַלנ אונ פאָליטישנ לעבנ". ניט לאנג האָט די טעכנאָקראטיע פארעפנטלעכט א באריכט וועגנ איר צעניאָריקער ארבעט אפ דערלערנענ דידאָזיקע ווירקונג. דער אויספיר פונ דערדאָזיקער ארבעט איז די באשטימונג, אז „די הײַנטצײַטיקע טעכניק, וואָס איז אײַנגעשפאנט אינ דער מאָציאַלער טעכניק אונ פארעלטערטער פאָליטישער טעאָריע, וואָס איז ארויס פונ דער מאָדע, צעטרײַסלט דעמ גרונט פונ אונדזער סאָציאַלער אָרדענונג", אָבער

דערפירנ דעמדאָזיקנ אויספיר ביז זײַנ לאָגישנ סאָפ האָבנ די קעמפער פאר דער „הערשאפט פונ דער טעכניק", וועלכע זײַנענ פארבונדנ מיט פילצאָליקע פעדימ מיט דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפטלעכקײַט, נאטירלעכ ניט געקענט. זיי האָבנ ניט געקענט זאָגנ, אז „די סאָציאַלע טעכניק, וואָס איז ארויס פונ דער מאָדע", דארפ פארניכטעט ווערנ, אז אפ אירע כורוועס דארפ אנטשטיינ יענע איינציקע אָרדענונג, בא וועלכער די טעכניק וועט קענענ פרײַ פראָגרעסירנ, ד. ה. די אָרדענונג פונ סאָציאַליזמ. דעריבער האָבנ זיי זיכ פארנומענ מיט שאפנ א נײַע אוטאָפּיע וועגנ דער „טעכנישער רעאָרגאניזאציע פונ דער געזעלשאפט" דורכ שאפנ דעמ אזויגערופענעמ „ענערגעטישנ דאָלער". ניט דער קלאסנקאמפ, ניט די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, ניט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, נאָר דער „ענערגעטישער דאָלער" איז בארופנ צו באנײַענ די געזעלשאפטלעכקײַט...

עס איז איבעריק צו זאָגנ, אז שאפנדיק זייער טעאָריע, העלפנ נאָר די הערנ קעמפער פאר דער טעכניק דעמ צופוילנדיקנ קאפיטאליזמ, ד. ה. די אָרדענונג פונ אײַנצאמענ די טעכניק, די אָרדענונג פונ איר אָרגאניזירטנ אָפּטויטנ.

מע דארפ באמערקנ, אז דער בײַשפיל פונ פסס"ר האָט אנ אויסערגעוויינלעכע ווירקונג אפ די מויכעס פונ דער טעכנישער אינטעליגענצ. אינעמ ניט לאנג דערשינענעמ בוכ „דער אופגאנג אינ רוסלאנד", שרײַבט דער בורזשואזער אמעריקאנער שרײַבער וואָלדאָ־פראנק: „דער קאָמוניזמ לייגט פאָר ניט עפעס אנדערש, ווי איבערמאכנ די וועלט, מיטנ פארפולקאָמענ די מאשינעס אונ פארניכטנ די האכנאָסע, וועט די ארבעט פונ די מאסנ זיכ פארקלענערנ. זיי וועלנ האָבנ פרײַע צײַט אונ זיי וועלנ אויסנוצנ דידאָזיקע פרײַע צײַט, קעדיי צו שאפנ רײַכטימער. דער קאָמוניזמ וויל, אז דער הײַנטצײַטיקער ארבעטער זאָל שאפנ אונ אָנפירנ מיט דער וועלט". די רעאקציאָנערע „טעגלעכע רונדשוי", אינ א נײַיאָר ארטיקל פונ 1933 י., געווידמעט דעמ סאָוועטנפארבאנד, שטרײַכט באזונדערס אונטער דעמ ענטוזיאזמ פונ אונדזער יוגנט, דאָס, וואָס „די סאָוועטישע יוגנט איז ארומגעכאפט מיט א לײַדנשאפטלעכנ ווילנ צו באהערשנ מיט די שאפונגענ פונעמ טעכנישנ זשעני".

דער שרײַענדיקער אונטערשייד צווישנ דער לאגע פונ דער טעכניק אונ דער באציִונג צו איר אינ די צוויי סיסטעמעס—קאפיטאליסטישער אונ סאָציאַליסטישער לאָזנ איבער א שטארקנ אײַנדרוק אפ דער טעכנישער אינטעליגענצ פונ די קאפיטאליסטישע לענדער. וועגנ דעמ, וואָס פאר א היסטאָרישע פערספעקטיוו עס עפנט דערדאָזיקער „קאָנטראסט אפ די שפאלטנ פונ אמעריקאנישנ זשורנאל „פאָרויס", האָט ניט לאנג צוריק געשריבנ דער בורזשואזער דײַטשישער זשורנאליסט זיבורג: „אינ אייראָפּע איז פאראנ נאָר איינ מעלוכע, וועלכע פארבינדט אלע אירע האָפענונגענ מיטנ טעכנישנ פראָגרעס אונ גלויבט טיפ אינ אימ—דאָס איז דער סאָוועטנפארבאנד". זיבורגס אויספיר איז אזוי: „אויב דער רוסישער באָלשעוויזמ אונ דער דײַטשישער נאציאָנאליזמ וועלנ גיינ ווײַטער אפ יענעמ וועג, אפ וועלכנ זיי זײַנענ ארופגעטראָטנ, וועט אייראָפּע, קענ זײַנ, אינ א קורצער צײַט ארומ פאָרשטעלנ מיט זיכ א בילד, וועלכע וועט זיכ שארפ אויסטיילנ פונ דער, צו וועלכער מיר זײַנענ צוגעוווינט. הימלקראצערס וועלנ זיכ אופהייבנ ביז צו די הימלענ אפנ דאָנ אָדער אפנ אוראל, אינ דערזעלבער צײַט וועלנ פוילע אָקסנ שלעפנ נאָכ זיכ דעמ אקער, וועלכער צעאקערט דעמ טעמפעלהאָפ־פלאצ אונטער בערלינ..."

אָט אזא איז די שטימ פונ איינעמ פונ יענע אינטעליגענטנ, וועלכע ווערנ אופגערעגט פונ דער „פריידיקונג, וואָס גייט מיצאד דער בורזשואזיע אפ אָפּזאָגנ זיכ פונ טעכנישנ פראָגרעס, אונ וועלכע זײַנענ געצוווּנגענ איצט צו אָנערקענענ, אז נאָר איינ מעלוכע אינ

דער גאנצער וועלט, און דאָס איז דער סאָוועטנפארבאנד, פארבינדט זײַנע צילן און האָפענונגען מיטן טעכנישן פּראָגרעס און גלויבט אין אים טיפ. אין דידאָזיקע אָנערקענונגען זען מיר ניט אזויפיל די אָנערקענונג פון אונדזערע פארדינסטן, ווי די אָביעקטיווע באַשטעטיקונג פון די ווירקלעכע פאָרצוגן פון סאָציאַליזם פארן הײַנטצײַטיקן איבערצײַטיקן און צעפוילנדיקן קאפיטאליזם" (מאָלאָטאָוו).

אין זײַן קלאסישער ארבעט וועגן אימפעריאַליזם האָט לענין אויסשעפנדיק באוויזן, ווי די מאָנאָפּאָליע פאראליזירט די שטרעבונג פונעם טעכנישן פּראָגרעס, ווי דער מאָנאָפּאָליסטישער קאפיטאל טרעט ארופ אפן וועג פון טאָרמאָזירן דעמדאָזיקן פּראָגרעס. אין די יאָרן פונעם אלגעמיינעם קאפיטאליסטישן קריזיס האָט דערדאָזיקער פּראָצעס, וואָס איז כאראקטעריזירט געוואָרן פון לענינען, געפונען זײַן באזונדערס בולטן און אלזײַטיקן סאָף. דערלערנענדיק דעמדאָזיקן פּראָצעס, דארפן מיר, נאטירלעך, זיך אָפּהיטן פון דער פארפלאכטקײַט, וואָס איז בולעט אויסגעדריקט אין דער אזוי גערופענער סטאגנאציע־טעאָריע. עס וואָלט געווען א פארפלאכונג צו „באשטעטיקן, אז אין די לענדער* פון קאפיטאל איז אומעגלעך וועלכע ניט איז אנטוויקלונג פון טעכניק. שנעל אנטוויקלט זיך, צ.ב. די טעכניק, וואָס איז פארבונדן מיט מילכאָמע, מיטן צוגרייטן א נײַע אימפעריאַליסטישע מילכאָמע. עס איז מעגלעך די אנטוויקלונג פון דער טעכניק אויך אף אנדערע באזונדערע באצירקן. די קאָנקורענץ, וועלכע ווערט ניט פולשטענדיק פארניכטעט בא דער מאָנאָפּאָליע, שטויסט די קאפיטאליסטן אף באזונדערע טעכנישע פארפולקאָמונגען און דערפינדונגען. מיר דארפן, אפ אזא אויפן, האָבן אין זינען די אלגעמיינע טענדענץ פון טעכנישן רעגרעס בא די מעגלעכע באזונדערע פריוואטע שטויסן פאָרויס. איבערן גאנצן פראָנט פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט באמערקן מיר ווי א געזעץ א שטילשטאנד פון דער טעכניק, איר דעגראדאציע און צעפוילונג.

די אופגעבראכטקײַט פון די פּראָדוציר־קויכעס פון קאפיטאליזם קעגן זײַנע אייגנטימערישע באציִונגען האָט דערגרייכט איר העכסטע שטופע. אלע קישעפן פון די „רעטער פון קאפיטאליזם" קענען ניט, נאטירלעך, אָפּשטעלן דידאָזיקע אופגעבראכטקײַט. זי וועט ברענגען צום ארונטערוואַרפן די הערשאפט פון דער בורזשואזיע, וועלכע פאסט זיך ניט צו צו דער אנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קויכעס מיטן טעכנישן פּראָגרעס, צום לעבן פון דער געזעלשאפט.

נאָר די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט און די סאָציאַליסטישע איבערבויונג פון דער געזעלשאפט וועלן עפענען נײַע וועגן צום ווײַטערדיקן מעכטיקן וווּקס פון דער טעכניק, וואָס וואַרפט אונטער דער מענטשהײַט די נאטור־סטיכייען.

מ. עריק

# סטענדאל
## (1933 — 1783)

(צו דער פראַגע פון רעאַליזם און ראָמאַנטיזם אין דער בורזשואַזער ליטעראַטור).

(ס אָ ף)

### 9. „רויט און שווארץ"

אין „אַרמאַנס" באַוועגט זיך סטענדאַל אין דער טוכלער און ענגער אַטמאָספער פון די פּאַריזער אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען. קיין גרויסער ליַיַדנשאַפט ... קיין גרויסער לייַונט איז לויט סטענדאַלן אַף אַזאַ פּאָן, מיט אַזאַ סוויווע ניט מעגלעך; וואָרעם גרויסער לייַונט באַדאַרף פאַר סטענדאַלן טאָמיד ענערגישער לייַונט, ענערגישע ווילנפולע באַוועגונג פאָרויס, און דאָס איז אויסגעשלאָסן אין דער קאָנווענציאָנעלער, גויסעסדיקער אַריסטאָקראַטישער סוויווע. ס'האָבן גאָרניט געהאָלפן אַפילע די פּרווון צו ראָמאַנטיזירן די העלדן, אַריַינבלאָזן מער אומאָפּהענגיקייט געפיל אין אַקטאַוון, אַרויסרוקן מער אין פאָדערגרונט אַרמאַנס. סטענדאַלס צווייטער ראָמאַן „רויט און שווארץ" איז געווען אַ קער צו די אַנטיפּאָדן פון די סאַלאָנען, צום האַמוין, צו דער האַמוינישער געשטאַלט זשוליען סאָרעל.

אין „אַרמאַנס" איז סטענדאַל געגאַנגען אַף אויסגעטראָטענע וועגן, אין די פוסטריט פון געטע, שאַטאָבריאַן, בייראָן און זייערע פאַרשיידענע נאָכמאַכער (סטענדאַל אַליין וויַיזט אָן אַפן ראָמאַן „אָליוויע" און דע־לאַ־טוש). אין „רויט און שווארץ" שאַפט סטענדאַל אַ ניַיעם טיפּ פון אַ ראָמאַן, וואָס וועט ווערן אַף לאַנגע יאָרן דער קאַנאָן פון דעם פראַנצויזישן בורזשואַזן רעאַליזם. קימאַט גליַיכציַיטיק וועט אים נעמען פאַנאַנדעראַרבעטן באַלזאַק אין זיַין מעכטיקער סעריע פון דער „מענטשלעכער קאָמעדיע", און ס'וועט אַנטשטיין דער טראַדיציאָנעלער פראַנצויזישער רעאַליסטישער ראָמאַן, מיט דער פּראָבלעמאַטיק פּראָווינץ—פּאַריזש, און מיטן הויפּט־העלד, וואָס הייבט זיך אויף פון די פּראָווינציעלע טיפּעמישן מיט דער גליַיענדיקער אַמביציע איַינצונעמען פּאַריזש. אַזוי אַרום שאַפט זיך אויך דער טראַדיציאָנעלער קאָמפּאָזיציע־קנופּ, די פאַרבינדונג פון ביידע סוויווע, פון דער פּראָווינץ און פון דער הויפּט־שטאָט.

„רויט און שווארץ" איז פאַרענדיקט געוואָרן אין 1830 י., און ס'טראָגט אַף זיך דעם שטעמפּל פון אַ רעוואָלוציע־יאָר, פון געשעענישן און שטימונגען, וואָס האָבן צוגעגרייט די רעוואָלוציע. אויב די עצעם דאַטע פון דער רעוואָלוציע, איר אויסברוך שוין אין יאָר 1830 איז געקומען אומגעריכט פאַר סטענדאַלן, איז אָבער פאַר אים שוין לאַנג געווען קלאָר, אַז די רעסטאַווראַציע וועט האָבן אַ קורצן אָטעם. ער האָט זיך ניט געריכט אַף

אזא גיכן סאָף פון די בורבאָנען; אָבער צי האָט ער דען ניט שוין אין „אָרמאַנס" דראָענדיק צוויסן געגעבן, אז די אַריסטאָקראַטיע זיצט פאַרשפּאַרט אין א באַלאַגערטער פעסטונג? די ערשטע צײַט נאָך דער רעוואָליוציע, ווי מיר ווייסן שוין, איז סטענדאַל אַרומגעגאַנגען שיקער און ענטוזיאַסטיש. דערנאָך איז געקומען דער קאַצניאָמער, און סטענדאַל קומט צו דער איבערצײַגונג, אז דאָס איז נאָך אַלץ ניט געווען די עמעסע רעוואָליוציע. עס איז ניט אַריבער קיין יאָר, און שוין דעם 17־טן מאַרט 1831 זאָגט ער פאָרויס אין א בריוו דאָס אָנקומען פון א נײַער, דאָסמאָל שוין עכטער רעוואָליוציע, מיט א היפּשער דאָזע טעראָר („עמעס, גיט ער צו, דער טעראָר וועט דאָס מאָל זײַן עפּשער ווייניקער בלוטיק"), אין דער שפּיץ פון אָט אָ דער רעוואָליוציע וועלן שטיין „די צוויי הונדערט טויזנט זשוליע סאָרעלס, וואָס בעפעלקערן פראַנקרײַך" (באַנד 2. ז. 131).

„רויט און שוואַרץ" איז אזוי אַרום א ראָמאַן וועגן די טרײַב־קוילעס פון דער רעוואָליוציע פון 1830, אזויווי סטענדאַל האָט זי פאַרשטאַנען. דעם פּראָלעטאַריאַט האָט סטענדאַל נאָך ניט געזען און טײַלווײַז ניט געקענט זען, ווי א רעוואָליוציאָנערן טרײַב־קויעך. דער פּראָלעטאַריאַט טיילט זיך בא אים נאָך ניט אויס פון דער מאַסע קליינבירגערטום, פּלעבייען. דער איינציקער רעוואָליוציאָנערער קויעך איז דאָס קליינבירגערטום, און דערצו דאָס שטאָטישע, ניט דאָס פּויערטום (פאַרגלײַך דעם גרויסן פּאָליטישן בריוו פון 1828, באַנד 2, 60—63). אין דער שפּיץ פון דעמדאָזיקן קלאַס וועט אָבער מאַרשירן אַן אַוואַנגאַרד, און אָט דער אַוואַנגאַרד—דאָס זײַנען „די צוויי הונדערט טויזנט סאָרעלס". עס איז סטענדאַלס א ליבלינג־געדאַנק, וועלכן ער וואַריִרט אין פאַרשיידענע ווערק, טאָגביכער, בריוו. „די יונגעלײַט פון קליינבירגערטום, גוט געבילדעטע און ניט האָבנדיק ווו זיך אהינצוטאָן, געפינענדיק אומעטום פאַר זיך די פּראָטעזשירטע פון דער יעזויִטישער קאָנגרעגאַציע, וועלן אַראָפּוואַרפן די קאָנגרעגאַציע און אינײנעם שוין אויך די בורבאָנען". דאָס זײַנען סטענדאַלס מאַכשאָוועס און האָפענונגען אַרום 1826 י., מיט די סאָרעלס „איז דער עמעס און די ענערגיע", (באַנד 2, 131). ניט קיין וווּנדער, „אז ווי א מאָטאָ צום ראָמאַן גיט ער דאַנטאָנס אויסגעשריי: „דעם עמעס! זאָל זײַן דעם ביטערן עמעס, אָבער בלויז דעם עמעס!"

„רויט און שוואַרץ" איז אזוי אַרום א שטודיע וועגן דעם קינפטיקן אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָליוציע. וועגן זשוליען סאָרעל שרײַבט מאַטילדע דע־לאַמאָל צו איר פאָטער: „אין פאַל פון א רעוואָליוציע וועט ער אומבאַדינגט שפּילן די ערשטע ראָל"—און דאָס איז אויך סטענדאַלס מיינונג. צו סטענדאַלס אַרויסזאָגונגען, וואָס מיר האָבן גענומען פון זײַנע בריוו און טאָגביכער, קאָן מען ברענגען א ריי פּאַראַלעלן פון דעם ראָמאַן, אַשטייגער זשוליענס געדאַנקען וועגן מאַדאַם דע־רענאַל: „זי איז גוט און מילד, איר ליבע צו מיר איז גרויס. אָבער זי איז דערצויגן אין פײַנטלעכן לאַגער. זיי האָבן מער פאַר אַלץ מוירע פאַר יענעם קלאַס דרייסטע מענטשן, וואָס האָבן באַקומען א גוטע בילדונג, פאַרמאָגן אָבער ניט גענוג מיטלען צו מאַכן א קאַריערע. וואָס וואָלט געוואָרן מיט דידאָזיקע פּריצים, ווען אונדז זאָל זײַן דערלויבט קעמפן מיט זיי מיט גלײַכן וואָפן..." אף דער באַראַטונג פון דער אולטראַ־רעאַקציאָנערער פּאַרטיי (און זי איז געבויט אף א היסטאָרישן פאַקט), וואָס, פילט מיט אַן אויסגעצייכנטן קלאַסן־כוש דאָס דערנעענטערן זיך פון דער רעוואָליוציע, ווערט מיט שרעק גערעדט וועגן „צוויי־הונדערט טויזנט יונגע לײַט פונעם קליינבירגערטום, וואָס כאָלעמען בלויז וועגן א מילכאָמע"[1], וועגן דעם, אז „אָן דעם ענגלישן גאָלד איז

[1]) ד. ה. וועגן א רעוואָליוציאָנערער אָפּוואָר־מילכאָמע קעגן דער אינטערווענץ.

אומעגלעכ זיכ דערשלאָגנ צו מער ווי צוויי קאמפאניעס מיצאד די איירָאָפּייִשע הערשער אָבער צוויי קאמפאניעס זײַנעג ניט גענוג, קעדיי זיכ ספראוועג מיטנ קלײנבירגערטומ״.

אזוי ארומ איז אנטשטאנענ דערדאָזיקער ראָמאנ וועגנ „צעבונטעוועטנ פלעבייער״, וועגנ דעמ „טיפ אומגליקלעכנ מענטשנ, וואָס האָט געקעמפּט מיט דער גאנצער געזעלשאפט״, „וועגנ דעמ פויער, וואָס האָט זיכ צעבונטעוועט קעגנ זײַנ נידעריקער לאגע אינ דער געזעלשאפט״.

ניט קוקנדיק אַפ אייניקע ראָמאנטישע עלעמענטנ, איז „רויט אונ שווארצ״ אינ סאכאקל א רעאליסטישער ראָמאנ. עס איז א רעאליסטישער ראָמאנ, וואָרעמ עס איז געשריבנ מיטנ מײנ צו דערגייג „דעמ עמעס, אונ זאָל זײַנ דעמ ביטערנ עמעס, אָבער בלויז דעמ עמעס!״

„רויט אונ שווארצ״ איז געשריבנ פונ דעמ שטאנדפונקט פונ די סאָרעלס, פונ דעמ שטאנדפונקט פונ ראדיקאלנ קלײנבירגערטומ. די אידעאָלאָגישע קלאסנ־פּאָזיציעס פונעמ אווטער דאָ פאלנ צענויפ מיט דעמ קלאסנ־מעהוס פונ דעמ הויפּט־העלד. אונ אויב זשוליע סאָרעל פארמאָגט נאָכ ווייניק בילדונג, לעבנ־דערפארונג, פירט אימ אָבער זײַנ קלאסנ־כוש אינ זײַנ שטעלונג אינ דער געזעלשאפט קימאט אָנפעלערנדיק צו דיזעלביקע אויספירנ, צו וועלכע ס'איז זינט יאָרנ געקומענ סטענדאל, — אונ ווענ ס'איז נייטיק „גיט אימ סטענדאל מער סייכל״.

וואָרעמ אינ דער געשטאלט פונ זשוליענ סאָרעל לייזט סטענדאל א ריי פראגעס, וואָס האָבנ אינ אימ זינט יאָרנ געמאטערט. ווו האָבנ זיכ אהינגעטאָנ די דאנטאָנס פונ 1793, וואָס פאר א שיקזאל דערווארט זיי אינ די טיפעגישנ פונ דער רעסטאווראציע־געזעלשאפט? וו האָט זיכ אהינגעטאָג יענע „רעזאָניאָרישע אונ קינעדיקע יוגנט פונ 1823״, וואָס סטענדאל האָט צו איר אפעלירט, אינ איר נאָמענ אויסגעקעמפט די שלאכטנ קעגנ דעמ קלאסיציזמ אונ פארנ ראָמאנטיזמ? ווו האָט זיכ אהינגעטאָנ יענע ענערגיע, וואָס האָט אָקאָרשט געברויזט אַפ די שלאכט־פעלדער פונ וואגראמ אונ מארענגאָ? „דער געני לעבט טאָמיד אינ דער סוויווע פונ פאָלק, ווי דער פונק אינ דעמ קיזל־שטיינ״—האָט געשריבנ סטענדאל—„עס איז בלויז נייטיק א צונויפאל פונ די אומשטאנדנ, קעדיי דערדאָזיקער פונק זאָל א בליצ טאָנ פונעמ טויטנ שטיינ״. וואָס איז געוואָרנ מיט אָט די געני־פונקענ באמ האמוינ אינעמ פעריִאָד פונ דער רעאקציע?

סטענדאל איז געווענ טיפ איבערצײַגט, אז ענערגיע, ווילנ, לײדנשאפט זײַנענ צומ יאָר 1830 פארבליבנ בלויז באמ האמוינ, באמ קלײנבירגערטומ. ער האָט צוליב דעמ מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקײַט אונ גיריקײַט שטודירט פארשיידענע פאקטנ, וואָס האָבנ סיגנאליזירט ענערגיע־בליצנ בא מענטשנ פונ פאָלק. עס האָט אימ אַפ אזא מינ אויפנ פארינטערעסירט אונ פארכאפט דער פראָצעס פונ אנטואנ בערטע (סאָפ 1827), דעמ זונ פונ א שמיד—ניט נאָר, ווײַל דער פּראָצעס איז פאָרגעקומענ אינ סטענדאלס געבורט־שטאָט גרענאבל אונ אלע קימאט פערזאָנענ זײַנענ אימ געווענ גוט באקאנט. אונ ניט ווײַל די גאנצע געשיכטע פונ דעמ יונגנ בערטע האָט געגעבנ א פאסיקע פאבולע פאר א ראָמאנ. סטענדאלנ האָט דער פאל בערטע צוגעצויגנ, ווי א באשטעטיקונג אונ דאָקומענטאציע פונ אלט־נײַע געדאנקענ זײַנע, ווו א מאניפעסטאציע פונ האמוינישער ענערגיע, וואָס גייט אינ ניוועצ אינ יאָרנ פונ רעאקציע, פארלירט זיכ אינ זאמד פונ קלײנשטעטלדיקע ליבע־אינטריגעס. דעמ פאל בערטע האָט סטענדאל אופגעהויבנ אַפנ ניוואָ פונ גרויסער געזעלשאפטלעכער פּראָבלעמאטיק, דעמ לעפישנ שאָס אינ דער געליבטער האָט סטענדאל פאר־

וואנדלט אינ א ווײַטנ דונער, וואָס זאָגט אָנ דעמ אָנקומענדיקנ רעוואָליוציע־שטורעמ—אונ אזוי איז מעגלעכ געוואָרנ דער גרויסער לײַוונט פונ „רויט אונ שווארצ".

סטענדאל אינ באוווסטזיניק אינעמ ראָמאנ געגאנגענ אפ דער ליניע פונעמ גרעסטנ פּאָליטישנ ווידערשטאנד, אָנ ראכמאָנעס דעמאסקירט דעמ גאנצנ קלאפּערגעצײַג פונ רעס־טאווראציע־רעזשימ, פּיקסירט אפילע די סאמע לעצטע פּאָליטישע אינטריגעס פונ די אולטרא־רעאקציאָנערע קרײַזנ, יענע אינטריגעס, וואָס האָבנ צוגעפירט הארט צו דער רעוואָ־ליוציע. ער שטעלט אפילע ארײַנ א איראָנישנ טראקטאט וועגנ דעמ פּאָליטישנ עלעמענט אינעמ ראָמאנ, א דיאלאָג צווישנ אווטער אונ פארלעגער: די „פּאָליטיק—האָט געזאָגט דער אווטער — איז א שטיינ, וואָס איז צוגעבונדנ צומ האלדז פונ דער ליטעראטור. ס'איז איר גענוג זעקס כאדאָשימ, קעדיי זי צו דערטרינקענ. פּאָליטיק, וואָס איז צוגעמישט צו אנ אויס־געטראכטער זאכ, האָט דערזעלביקנ עפעקט, וואָס א רעוואָלווער־שאָס אינמיטנ פונ א קאָנ־צערט... פּאָליטיק קאָנ באליידיקנ איינ העלפט לייענער אונ אָניאָגנ אנ אומעט אפ דער צווייטער העלפט". „אויב אײַערע געשטאלטנ ריידנ ניט וועגנ פּאָליטיק,—האָט געזאָגט דער פארלעגער — זײַנענ זיי ניט קיינ פראנצויזנ פונ יאָר 1830, אונ אײַער ראָמאנ איז לאכלוטנ ניט קיינ שפּיגל, ווי איר מיינט"...

א פינצטער בילד פונ דער פראנצויזישער ווירקלעכקײַט אינ די יאָרנ 1815-1830 ווײַזט דער שפּיגל פונ „רויט אונ שוואו'צ". דער לײַוונט איז גראָד ברייט געצויגנ: פּראָווינצ־לעבנ אונ פּאריז, פּראָווינצ־בורזשואזיע, פּויערטומ, קליינבירגערטומ, באאמטע אונ קליינער אדל, גײַסטלעכע אינ ביידע שאטירונגענ—יאנסעניסטנ אונ יעזויִטנ, אינ ביידע שיכטונגענ—הויכער קלער אונ קליינער, שטעטלדיקער, האכנאָעדיקער קלער,—סעמינאריע־לעבנ, די שפּיצנ פונ דער פּאריזשער אריסטאָקראטיע, פּאָליטישע אינטריגעס, פּאריזשער סאלאָנ־לעבנ. אסאכ פיגורנ, אסאכ סוזשעטס אונ קרײַזנ—ווייניק מענטשנ, ווייניק ווערדע, זעלבשטענדיקײַט, אומאָפּהענגיקײַט. די רעסטאווראציע פארציט בלויז א דינ פּעאָדאל הײַטל איבער א פעסט־סטאביליזירטער בורזשואזער אָרדענונג. דער אדעליקער מער, דע־רענאל, איז אינ טאָכ א בורזשואַ, וואָס האלט, אז „א בוימ איז באשאפנ צו ברענגענ רעווער". ער איז ארומגע־רינגלט מיט א קליקע באאמטע, גאנאָווימ אונ באראַיסער, וואָס ראבעווענ קימאט אָפנ, ניט זשענירנדיק זיכ. וועגנ א רעוויזיע פונ צענטער דריקנ זיי זיכ אויס ציניש, אז זי שטערט זיי צו טאָנ גוטס. די פּראָנדירנדיקע בורזשואזיע, די ליבעראלנ, קאָנקורירט מיט דער רע־גירונג־פּארטיי אינ אונטערטעניקײַט אונ לאקיישקײַט. „די זשוליקעס האָבנ געזוכט א שטיצע בא דער יעזויִטישער קאָנגרעגאציע, אונ צוויִעס האָט געהאט א גרויסנ דערפאָלג אפילע בא די ליבעראלנ". לעקאָוועד דעמ קעניג „האָבנ די ליבעראלנ אײַנגעאָרדנט א הונדערט־מאָל שענערע אילוימינאציע, ווי די ראָיאליסטנ". „דער רומ פונ מיראבאָ אונ די הונדערט קויזנט פראנק, וואָס ער האָט באקומענ, שטערנ דעמ שלאָפ פונ רײַכע פּראָווינציאלנ, זיי רופנ דאָס ליבעראליזמ אונ ליבע צומ פאָלק". דער קלער אונ ביפראט זײַנ אוואנגארד, די יעזויִטנ, מישט זיכ אינ אלע עפנטלעכע איניאָנימ, קאָנטראָלירט דאָס גאנצע געזעלשאפט־לעכע אונ אפילע פּריוואטע לעבנ, אונ האָט אומעטומ זײַנע אגענטנ אונ שפּיאָנענ.

אינ אזעלכע באדינגונגענ דארפ זיכ דורכלייגנ א וועג זשוליענ סאָרעל, דער יונגער טאלאנטירטער מענטש פונ פאָלק. זשוליענ האָט ניט קיינ קאפּיטאלנ, ער האָט ניט קיינ באקאנטשאפט אונ פארבינדונגענ. ער קענ בויענ בלויז אפ זיכ, רוקנ זיכ פאָרויס מיטנ קויעכ פונ אייגענעמ סייכל, אייגענער פלינקײַט אונ צופּאסונג־פייִקײַט. ער מוז טאָמיד זײַנ אפ דער וואכ, קעדיי ניט דורכצולאָזנ יעדע מעגלעכקײַט, וואָס קאָנ אימ א רוק טאָנ פאָרויס

ניִנ א געזעלשאפט, וואָס איז געבויט אפ צוויִעס, דראָט אים דער אונטערגאנג, אויב ער וועט ניט האלטנ טאָמיד זייַנע געדאנקענ אפנ שלאָס, אויב ער וועט ניט דיסטאנסירנ די ארומיקע צוואוקס מיט א נאָכמער ראפינירטער מאסקירונג. די צוויִעסדיקע אטמאָספער פונ דער סעמינאריע איז פאר זשוליענענ א לאסט, קאָלומאנ ער פארשטייט ניט, אז ס'איז א קונסט, א שווערע אונ ניט לייַכט באגרייַפבארע קונסט. ערשט דעמאָלט „זייַנענ אים געוואָרנ אינטערעסאנט די לאנגע איבונגענ אינ אסקעטישער פרומקייַט, וואָס ביז דאנ זייַענ זיי פאר אים געווענ טויט־לאנגווייַליק". זשוליענס איבונגענ אינ צוויִעס הייבנ זיך אָנ שוינ אינ פאָטערס שטוב, ווענ דער פאָטער צערייַסט זייַנע באליבטע ביכער. זיי דערלאנגענ א העכערע מאדדייגע אינ דעם הויז פונ דעם מער, ווערנ פארפולקאָמט אינ דער סעמינאריע, באקומענ אנ אריסטאָקראטישנ גלאַנצ אינ דעם פאלאצ פונ דע־לאמאָל, ווערנ לעכאטכילע דער יעסאָד פונ זייַנע ליבע־אינטריגעס מיט מאדאם דע־רענאל, מיט מאטילדע דע־לאמאָל. אונ דאָך איז זשוליענ ניט קיינ יונגער טארטיופ. וואָרעם איינענעם מיט דער קעסיידערדיקער צוויִעסדיקער פאָזיציע, ווי א מיטל פונ זעלבסטשוצ, גייט א קעסיידערדיקער אינערלעכער בונט, וואקסט אָנ דער האס אונ דער עקל צו דער געזעלשאפט, וואָס האָט צעטראָטנ זייַנע יוגנט־כאלוימעס, וואָס האָט אים מעגלעך געמאכט רוקנ זיך פאָרויס בלויז פארנ פרייַז פונ אָפזאָג פונ דער אייגענער מענטשלעכער ווערדע, פונ אייגענעם איך. זשוליענ סאָרעל איז אזויארום א מענטש פונ דער אונטערערד; א מענטש, וואָס ווארט אפ דער שאָ פונ זייַנ נעקאָמע אונ אָפרעכענונג, א מענטש, וואָס זייַנ גאנצער קאריעריזם איז אינ טאָך בלויז די צוגרייטונג צו גרעסערע געשעענישנ.

אפ וויפל דאָס איז מעגלעך בא א יונגנ מענטשנ אינ זייַנ לאגע, מיט א קליינער אונ באגרענעצטער דערפארונג, איז זשוליענ סאָרעל גענוי אויסגערעכנט אינ אלע זייַנע מייַסים; ער איז פארטאָנ אינ זעלבסט־אנאליז, אונ הינטער אים שטייט נאָך סטענדאל, וואָס פירט נאָך ווייַטער, דיפערענצירט אונ אנאטאָמיזירט, יעדנ שריט פונ זייַנ העלד, גיט צו צו יעדער באוועגונג די ענג־מאטעריאליסטישע מאָטיווירונג. דעם מעכאניסטישנ אונ מאטעריאליסטישנ אנאליז דערגאנצט סטענדאל דורך דער ראָמאנטישער צופעליקייַט, דורכנ ראָמאנטישנ ניט פאָרויסגעזעענעם שפרונג. אזעלכע פאלנ זייַנענ פאראנ אסאך אינ דעם ראָמאנ, סייַ אינ איינצלנע עפיזאָדנ, סייַ אינ וויכטיקע קרייצ־פונקטנ. אזוי פארליבט זיך סאָרעל אינ מאדאם דע־רענאל, בעשאס לעכאטכילע האָט דאָס בא אים געזאָלט זייַנ אנ עגאָיסטישע קאריערע־אינטריגע; אזוי גייט אדורך זייַנ באציִונג צו מאטילדע דע־לאמאָל די פארשיידנסטע קאָמפליצירטסטע עטאפנ. צו דערזעלביקער קאטעגאָריע געהערט אויך סאָרעלס אומזיניקער אונ פסיכאָלאָגיש ווייניק וואַרשייַנלעכער שאָס אינ קלויסטער—א ראָמאנטישער imprivu, א ראָמאנטישע איבערראשונג, ווו סטענדאל האָט מיטאמאָל איבערגעקערט די גאנצע רעאליסטישע פאקטור פונעמ ראָמאנ. באלזאקס ראסטיניאק וואָלט אינ דעם פאל אנדערש געהאנדלט. אָבער באלזאק איז אסאך פעסטער געשטאנענ אפנ באָדנ פונ דער רעאלער ווירקלעכקייַט פונ זייַנ צייַט.

## 10. „רויט אונ ווייַס". סטענדאלס טיפאזש

סטענדאלס צווייטער גרויסער רעאליסטישער לייַוונט איז „רויט אונ ווייַס" (ליוסיענ לעווענ), געשריבנ אינ די יאָרנ 1834־1836. היסטאָריש גענומענ, איז עס א מינ פאָרזעצונג פונ „רויט אונ שווארצ". אויב „רויט אונ שווארצ" איז א פארניכטנדיקער באשולדיקונג־

אקט קעגן דער רעסטאווראציע־מאָנארכיע מיט איר גאנצן קלאפערגעציַיג, אטאקירט „רויט און ווײַס" ניט ווייניקער גרינטלעכ די יול־מאָנארכיע. „בא די בורבאָנען האָט געהערשט דאָס גרויסע ערד־אייגנטום מיט זײַנע גאלאָכים און לאקייען, בא די אָרלעאנער — די פינאנץ־אריסטאָקראטיע, די גרויסע אינדוסטריע, דער גרויס־האנדל, ד. ה. דער קאפיטאל מיט זײַנ סוויטע אדוואָקאטן, פראָפעסאָרן און שיינרעדנער. די לעגיטימע מאָנארכיע איז געווען בלויז דער פאָליטישער אויסדרוק פון דער געיארשנטער מאכט פונעם לאנד־אדל, און די יול־מאָנארכיע בלויז דער פאָליטישער אויסדרוק פון דער אוזורפאטערישער מאכט פון די בורזשואזע אופגעקומענע". (מארקס, 18 בריומער). „רויט און שווארצ" איז מעמיילע מער פאָליטיש פארשארפט, בעשאס „רויט און ווײַס" האָט א מער דײַטלעכנ סאָציאלנ שפיצ. דער מעכאניזם פון דער מעלוכע־מאכט, איר ענגסטע פארבינדונג מיט די באנקירישע ספערנ טרעט דאָ אופ אנטבלויזט, נאקעט. אויב די קריטיק פון די בורבאָנען האָט, סאָפ־קאָלסאָפ, געפירט צו דער אילויזיע, אז די גאנצע זאכ באשטייט אינ דער ענדערונג פון דער פאָליטישער פאָרם, אינעם אראָפּווארפנ די לעגיטימע דינאסטיע, אירע גאלאָכים און לאקייענ, — פירט די קריטיק פון דער באנקירנ־הערשאפט אינעם פעריאָד 1830-1848 צו די סאמע וואָרצלענ פון דער עקזיסטירנדיקער סאָציאלער אָרדענונג. סטענדאל מאכט דאָ דורכ אנ ענלעכע עוואָליוציע, ווי ס'האָט גלײַכצײַטיק דורכגעמאכט בעראנזשע, — פון פאָלי־טישער דיכטונג צו סאָציאלער, — אנ עוואָליוציע, וואָס איז געקומענ, ווי א רעזולטאט פון דער אנטוישונג אינ דער יול־רעוואָליוציע און באטײַט דאָס באפרײַענ זיכ פון א ריי ליבעראלע אילויזיעס. סטענדאלס פאָזיטיווע פראָגראם קומט ניט קלאָר צום אויסדרוק אינ זײַנ נײַעם ראָמאנ, אָבער אייניקע כאראקטעריסטישע רעמאָזים זײַנענ צעוואָרפנ איבערנ ווערק. אויכ ווענג סטענדאלנ קאָנ געזאָגט ווערנ אפנ סמאכ פון „רויט און ווײַס", אז „די אײנציקע מענטשנ, וועגנ וועלכע ער רעדט מיט אָפענער באגײַסטערונג, דאָס זײַנענ די רעפובליקאנישע העלדנ, די מענטשנ, וואָס זײַנענ אינ יענער צײַט (1830-1836) ווירקלעכ געווענ די פאָרשטייער פון די פאָלקס־מאסנ", אז „די עמעסע מענטשנ פון דער צוקונפט האָט ער געזענ בלויז דאָרט, ווו מע האָט זיי צו יענער צײַט געקענט געפינענ". (ענגעלס וועגנ באלזאקנ). דער הויפט־העלד פונעם ראָמאנ, ליוסיענ לעווענ, איז טאקע א רעפובלי־קאנער, ער ווערט אויסגעשלאָסנ פון דער פאָליטעכנישער שול פארנ אָנטייל אינ א רע־פובליקאנישנ אופשטאנד אינ יאָר 1834. ענלעכ ווי בעראנזשע, איז אָבער סטענדאל אוועק פון אָט דעם פעריאָד נאָכ ווײַטער. ער הייבט זיכ אָנ אופמערקזאם צוצוהערנ צו די דעמאָלט פארשפרייטע סענ־סימאָניסטישע טעאָריעס, און פון א ריי רעמאָזים אינעם ראָמאנ ווערט קלאָר זײַנ סימפאטיע צו די אידייענ פון אוטאָפּישנ סאָציאליזם. געוויס איז דאָס ניט גע־גאנגענ ווײַטער פון סימפאטיעס — דער ארבעטער־קלאס איז נאָכ אלצ א לאכלוטנ אומבא־קאנטער שיכט פאר סטענדאלנ. די שילדערונג פון דער אונטערדריקונג פון אנ ארבעטער־שטרײַק דורכנ מיליטער איז געגעבנ אינ פלאנ פון אנ אטאקע קעגנ דעם רעזשים פון דער יול־מאָנארכיע און איז ניט פארבונדנ מיט וועלכנ ניט איז אנאליז פון דער ארבעטער־פראָבלעם. דאָכ געפינענ מיר אינ דעם ראָמאנ אזעלכע מערקווירדיקע שורעס: „נעם, צום בײַשפיל, דײַנ סענסימאָניזם. ער האָט געהאט זײַנע פאָזיטיווע שטריכנ, און דאָכ איז ער געבליבנ עקלדיק און ניט פארשטענדלעכ פאר אלע אײַנוווינער סײַ פון ערשטנ, סײַ פון צווייטנ און אפילע דריטנ שטאָק: מע פארנעמט זיכ מיט אים אביסל אינ די בוידעם־שטיב־לעכ. „דאָס פאָלק" וועט זײַנ אפ דער הייכ פון סייכל ערשט צום יאָר 1900".

די קאָמפאָזיציע פונעם ראָמאנ דערמאָנט אינ אייניקע פראָטים „רויט און שווארצ".

אויכ דאָ צופאלט זיכ דאָס ווערק אינ צוויי טיילנ—פראָווינצ־שילדערונג אונ פאריזש. סאָרעל קומט אָנ פונ דער פראָווינצ אינ פאריזש. דער יונגער לעווענ ווערט מעגולגל אינ דער פראָווינצ, קערט זיכ אומ דערנאָכ אינ פאריזש. אזוי ארומ באקומט זיכ א פול בילד פונ דעמ לוי־פיליפ־רעזשימ: די שוואכע באזע פונ דער יול־מאָנארכיע אינ דער פראָווינצ, איר אונטערלעקנ זיכ צו דער אריסטאָקראטיע—אָנ מאמאָשעסדיקע רעזולטאטנ, די נאָכ פעסטע פאָזיציעס פונ דער אגראר־אריסטאָקראטיע אינ דער פראָווינצ, דאָס אָנמעכטיקע ציינ־קריצנ פונ דער רעפובליקאנישער יוגנט, דער פאָליצייִש־מיליטערישער טעראָר אונ נאקעטער שווינדל אונ פארקויפלעכקייט, ווי די רעגירונג־סיסטעמ פונ דער יול־מאָנארכיע. מיט נאָכ גרעסערנ מוט אונ אומדערשראָקנקייט שילדערט סטענדאל די מאכינאציעס פונ דער לוי־פיליפ־מאָנארכיע אינ איר סאמע צענטער. ער פארוואנדלט דעמ יונגנ לעווענ אינ א סעקרעטאר פונ דעמ אינערנ־מיניסטער, אונ דאָס גיט די מעגלעכקייט פארבייצופירנ די פינאנצ־אריסטאָקראטיע, וואָס דיקטירט איר ווילנ דער רעגירונג, א גאַ״עריי מיניסטאָרנ, דעפוטאטנ, באאמטע, וואָס זיינענ אינ טאָכ די שוטפימ אונ לאָקייענ פונעמ קאפיטאל. סטענדאל, דער קאָנסול פונ לוי־פיליפנ אינ איטאליע, זשענירט זיכ אפילע ניט ארויסצופירנ נאקעט־הויל דעמ קיניג גופע (ניט קיינ ווונדער, אז ער האָט דעמ ראָמאנ פארשיפרירט). דער שווער־פונקט פונ דעמ ראָמאנ ליגט טאקע אינ דער ברייטער שילדערונג פונ דעמ פאָליטיש־געזעלשאפטלעכנ שטייגער פונ דער יול־מאָנארכיע, אונ אויב אינ „רויט אונ שווארצ״ איז די גאנצע אקציע קאָנצענטרירט אפנ הויפט־העלד, זיינענ דאָ גראָד צומיינסטנ ווערטפול אונ פאנאנדערגעארבעט די צווייטראנגיקע פיגורנ, די הויפט־העלדנ — די פארליבטע, ליוסיענ לעווענ אונ מאראט דע־שאטעלע—האָבנ זיכ באקומענ היפש פארנעפלט, ווייניק פלאסטיש. מאדאמ דע־שאטעלע פיגורירט מער אינ ראָמאנ איידער זי האנדלט. זי דערגרייכט ניט די קלאָרקייט פונ סטענדאלס אנדערע העלדיניעס. אינעמ צווייטנ טייל פונ ראָמאנ פארשווינדט זי אינגאנצנ. דער יונגער לעווענ בלייבט אפנ גאנצנ שטעכ פונ ראָמאנ, ער רעדט, טראכט, טוט—דאָכ דערגרייכט ער ווײַט ניט יענע אינטענסיווקייט, וועלכע ס׳האָט דערלאנגט די געשטאלט פונ זשוליענ סאָרעל.

סטענדאלס יונגע העלדנ—אָקטאוו, זשוליענ, ליוסיענ, פאבריס פונעמ „פארמער קלויסטער״—פארמאָגנ אלע אייניקע געמיינזאמע שטריכנ, זיי אלע שטייענ אינ אָפּאָזיציע צו דערווירקלעכקייט פונ זייער צייט—עמעס, פונ פארשיידענע קלאסנ־פאָזיציעס. זיי אלע לעבנ אינ רויש פונ דער אָקאָרשט אָפּגעגאנגענער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע—אפילע אָקטאוו דע מאליוער איז אנ אָנהענגער פונ די אויפקלערערישע פילאָסאָפנ פונ 18־טנ יאָרהונדערט. פאר זשוליענ, ליוסיענ, פאבריסנ פינקלט אינ גאנצנ אָריאָל די נאפּאָלעאָנישע לעגענדע, פאבריס קעמפט אפילע אפ די שלאכט־פעלדער פונ וואטערלאָאָ. אָקטאוו אונ ליוסיענ זיינענ שילער פונ דער פאָליטעכנישער שול, אונ די פאָליטעכנישע שול איז לויט סטענדאלנ „די נעסט פונ היציקע קעפּ״. אונ דאָכ זיינענ דאָס אינ גרונט פארשיידענע געשטאלטנ. בלויז זשוליענ סאָרעל האנדלט אינ העסקעמ מיט זיינ קלאסנ־לאגע, זיינ אידעאָלאָגיע אונ זיינע מייסימ פליסנ ארויס קאָנסעקווענט פונ זיינ שטעלונג צו דער געזעלשאפט. דערפונ די פולקייט, קאָנסעקווענטקייט אונ אינטענסיווקייט פונ דערדאָזיקער געשטאלט. די איבעריקע דריי העלדנ זיינענ דעקלאסירט אינ א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, פילנ ווייטיקדיק א ריס צווישנ זיכ, דער אייגענער אידעאָלאָגיע, אונ דעמ אייגענעמ קלאס, אונ זיינענ ניט בעקויעכ רייסנ מיט דער אייגענער סוויווע. די טראגעדיע פונ א זשוליענ סאָרעל באשטייט אינ דעמ, וואָס ער מוז פאראטנ זיכ אליינ, גייענדיק אפ דער לער צו דער סוויווע

פון די מאַליווערס און לעווענס. די טראַגעדיע פון די אָקטאַוו און לעווענס באַשטייט אין דעם, אַז זיי פאַראַטן זיך אַליין, בלײַבנדיק אין זייער סוויווע. די שמאָלע באַזע פון סטענדאַלס קונסט, די אידעאָלאָגיע פון אַ קליינעם איזאָלירטן און איינזאַמען שיכט ראַדיקאַלער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האָט געטריבן צו אַזעלכע האַלב-דעקלאַסירטע געשטאַלטן, ווי ליוסיען, פאַבריס, האָט מעגלעך געמאַכט אידעאַליזאַציע פון אַ מאַטילד דע-לאַמאָל פון אַ הערצאָגין סאַנסעווערינאַ, האָט געשאַפן די אילוזיע פון אַן אויסערקלאַסעווער אידעאָלאָגיע. אָבער וואָס ווײַטער פון קלאַס, אַלץ ווייניקער פּלאַסטיש איז געוואָרן די געשטאַלט, אַלץ קלענער איר סאָציאַלער באַדײַט, איר סאָציאַלע וויכטיקייט, זשוליענס סאָרעל איז פולבלוטיק און סאָציאַל וויכטיק ניט אין דער אייגנשאַפט פון אַ מער אָדער ווייניקער גליקלעכן ליבהאָבער, נאָר אין דער אייגנשאַפט פון אַ „צעבונטעוועטן „פּלעביי". דער פּאָליטישער שאָס אינמיטן פון קאָנצערט, וועגן וועלכן ס'רעדט סטענדאַל, איז ניט זשוליענס שאָס אין קירך, נאָר זײַן קלאַסן-באַוווסטע צאָרנדיקע רעדע אינעם בורזשואַזן געריכט.

אויב מע זאָל באַטראַכטן סטענדאַלס ליבלינג-העלדן מיט זײַן אייגענעם קריטעריע פון ע נ ע ר ג י ע, איז אָקטאַוו די געשיכטע פונעם פ ע ל ן פון ענערגיע, פון דעם אונטערגאַנג פון ענערגיע בײַ אַ פאָרשטייער פון אַ גויסעסדיקן קלאַס. אָקטאַווס וואַרפן זיך פון איין באַשלוס צום אַנדערן, אָקטאַווס פּלוצימדיקע ענערגיע—און ווילן-אויסברוכן זײַנען אין טאָך בלויז סימפּטאָמען פון אָט דעם פ א ר ש ו ו י נ ד ן פון ענערגיע בײַ אַן אָפּגייענדיקן סאָציאַלן שיכט. די געשיכטע פון זשוליען סאָרעל איז די געשיכטע פון פאַרשטאָפּטער דערשטיקטער האַמויגישער ענערגיע אין יאָרן פון רעאַקציע, זשוליען איז סטענדאַלס ע נ ע ר ג י ש ס ט ע געשטאַלט. די איבעריקע צוויי העלדן שטעלן זיך פאַנאַנדער צווישן אָט דיביידע פּאָליוסן, צווישן אָקטאַוו און זשוליען—ליוסיען צווישן זשוליען און פאַבריס, פאַבריס נעענטער צו אָקטאַוו. בלויז צוליב זײַן ראָמאַנטישער טעאָריע וועגן דעם אונטערשייד צווישן איטאַליענישן און פראַנצויזישן כאַראַקטער גיסט אויַן סטענדאַל ענערגיע אין דער פאַבריס-געשטאַלט.

זשוליען סאָרעלס ענערגיע האָט ביידע סימאָנים—דעם פּאָזיטיוון און נעגאַטיוון, דעם געפיל פון גורל-געמיינזאַמקײַט מיט זײַן קלאַס און דעם האַס צו דער בורזשואַזיע. „אין מײַן פּערזאָן ווילט איר באַשטראָפן און איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּשלאָגן דעם כיישק צו שטײַגן העכער בײַ די יונגעלײַט פון מײַן קלאַס—זאָגט סאָרעל אין זײַן רעדע אַפן בורזשואַזן געריכט—אָט אין וואָס עס באַשטייט מײַן פאַרברעכן, און ער וועט זײַן באַשטראָפט נאָך שטרענגער, וואָרעם איך ווער געמישפּעט אין טאָך ניט דורך מײַן גלײַכן; איך זע ניט אַפ די בענק פון די געשווירענע קיין איין פּויער, און בלויז בורזשוא, וואָס זײַנען פול צאָרן"..

ליוסיען לעווענס ענערגיע דריקט זיך אויס שוין בלויז אין דער קריטיק, פאַרמאָגט ניט קיין קלאַסן-אָנשפּאַר, קיין פּאָזיטיוון סימען. פאַבריס איז אין דעם פּראַט נאָך שוואַכער—זײַן ענערגיע באַשטייט אין אַ סעריע קראַפט-אויסברוכן, אָן קאָנסעקווענץ, אָן אַ סאָציאַלן באַדײַט. ניט קיין וווּנדער, אַז אַפ אַ גרויסן שטעכ פון דעם ראָמאַן איז ער אַ מאַריאָנעטקע אין די הענט פון דער הערצאָגינע און פונעם גראַף מאָסקאַ—ס'ראָוו טוט זיך עפּעס מיט אים, ניט ער טוט, ניט ער האַנדלט. די ראָמאַנטישע באַפּוצונג פון אָט דער געשטאַלט האָט ווייניק געהאָלפן—דורך פאַבריסן קומט צום אויסדרוק אין לעצטן סאַכאַקל דערזעלביקער קלאַסן-שיכט, וואָס אָקטאַווס.

נאָך אַ קלענערע סאָציאַלע כשיוועס פאַרמאָגן סטענדאַלס פרויען-געשטאַלטן, וואָרעם זיי זײַנען נאָכמער אָפּגעריסן פון קלאַס, נאָכמער ראָמאַנטיזירט. וועגן מאַטילדע דע-לאַמאָל,

וואָס איז א מין ווײַבלעכער פּאראלעל צו פאבריסן, איז סטענדאל אליין מוידע, אז אזא
געשטאלט איז אינ דער פראנצויזישער אריסטאָקראטישער סוויווע ביכלאל ניט מעגלעך גע־
ווען. „דאָס פעלן פונ כאראקטער אינ די העכערע קלאסנ האָט מיך געצוווּנגען נעמען אן
אויסנאם“. (קאָרעספּאָנדענצ, באנד 2, ז. 108). די סטענדאלישע פרויענ־געשטאלט ווערט
טאקע קעסיידער קאָנסטרויִרט, ווי אנ אויסנאם אינ איר סוויווע. אפילע ווענ דער
גאנצ דורכשניטלעכער מאדאם דע־רענאל („רויט אונ שווארצ“) ווייסט סטענדאל צו פאר־
צייכענען, אז „נאָך אסאך יאָרנ האָט מאדאם דע־רענאל נאָך אלצ ניט געקענט זיך צוגע־
ווינענ צו יענע געלט־מענטשנ, צווישנ וועלכע ס'איז איר אויסגעקומענ לעבנ„. אנ ענלעכנ
אויסנאם שטעלט פאָר וואלענטינע פונ דעם ניט פארענדיקטנ ראָמאנ „פעדער“ (1836).
סטענדאלס פרויענ זײַנענ אָדער צארטע, מילדע גרעטכענ־כאראקטערנ פונ דעם טיפּ ארמאנס,
וואלענטינע, מאדאם דע־רענאל, קלעליא, מ־דאם דע־שאטעלע אָדער שטורמישע, דעמאָנישע
פיגורנ, פונ דעם טיפּ הערצאָגינ סאנסעווערינא, וואנינא וואניני, מאטילדע דע־לאמאל.
אָבער אויך די מילדע אונ אינ טאָך דורכשניטלעכע פרויענ־פיגורנ אידעאליזירט סטענדאל,
דיכטעט אינ זיי ארײַנ א געוויסע אויסשליסלעכקײַט, ראָמאנטישע אומגעוויינלעכקײַט, ער
„נעמט זיי, ווי אנ אויסנאם אונ גיט זיי צו מער סייכל“. אינ די פרויענ־טיפּנ אונ אינ דער
מיט זיי פארבונדענער ליבע־אינטריגע דריקט זיך אויס צום שטארקסטנ דאָס ראָמאנטישע
אינ סטענדאלז שאפנ, זײַנ קעסיידערדיקע נעסיִע אָפּקערנ זיך פונ דער ווירקלעכקײַט אונ
אנטלויפנ אינ אנ אויסגעטרוימטער פאנטאסטישער וועלט.

## 11. אייניקע אויספירנ.

באלזאק פלעגט אפּ זיך זאָגנ, אונ מיט רעכט, אז ער איז א „דאָקטער פונ סאָציִאלע
וויסנשאפטנ“. סטענדאל האָט אפּ זיך געקוקט, ווי אפּ א דיכטער אונ היסטאָריקער
פונ ענערגיע. עמעס, סטענדאל האָט דעמראָזיקנ באגריפּ אָפּט באנומענ סאָציִאל. ער
האָט אָפּט אינזיגענ די געשיכטע פונ סאָציִאלער ענערגיע. ווענ ער טראָגט זיך ארומ
מיטנ געדאנק צו שרײַבנ „די געשיכטע פונ דער ענערגיע אינ איטאליע“, האָט עס געדארפט
זײַנ א מינ קולטור־געשיכטע, א מינ „געשיכטע פונ דער ציוויליזאציע אינ איטאליע“. דאָך
ליגט אינ אָט די ביידע ארויסזאָגונגענ, באלזאקס אונ סטענדאלס, דער גאנצער אונטערשייד
פונ זייער וועלט־אָנשויונג, פונ זייער שעפערישנ מעטאָד. ביידע גרויסע ראָמאניסטנ האָבנ
געלעבט אינ דערוועלביקער עפּאָכע אונ אינ דערזעלביקער געזעלשאפט. ביידע האָבנ גע־
געבנ א פארניכטנדיקע קריטיק פונ דער פראנצויזישער געזעלשאפט אינ פעריִאָד 1815־1848.
ביידע האָבנ פארורטיילט יענע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וואָס איז ארויס פונ דעם שויס
פונ דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע. באלזאק האָט אָבער ניט בלויז פארורטיילט,
נאָר אויך געפּאָרשט, פאנאנדערגעשרויפט אונ באַזונדערט דעם בייזנ מעכאניזם פונ דער
נײַער אָרדענונג. בא זײַנ גאנצער קריטיק איז ער אסאך פעסטער, מיט ביידע פיס געשטא־
נענ אפנ באָדנ פונ דער בורזשואזער ווירקלעכקײַט. באלזאק איז אסאך אָרגאנישער געווענ
פארבונדנ מיט אָט דער ווירקלעכקײַט, ווי דער קליינבירגער סטענדאל.

די סטענדאלישע „ענערגיע“ טראָגט שוינ אינ זיך דעם ראָמאנטישנ אָפּקער פונ דער
ווירקלעכקײַט פונ זײַנ עפּאָכע אונ געזעלשאפט. די גרויסקײַט פונ סטענדאלנ באשטייט אינ
דעם, וואָס ער האָט באוויזנ געניטער, ענגער, אָרגאנישער, ווי אנדערע ראָמאנטיקער,
אײַנפאסנ דידאָזיקע „ענערגיע“ אינ סאָציִאלע ברעגעס, ווײַזנ איר סאָציִאלנ אונטערשלאק—

זײַן גרויסקײַט ליגט, אנדערש געזאָגט, אין די מאטעריאַליסטישע און רעאַליסטישע עלעמענטן פון זײַן שאפן. ניט אלעמאָל איז עס אים געלונגען אין דערזעלביקער מאָס. אמאָל פלעגן זיך שטארקן און נעמען די אויבערהאנט די ראָמאנטישע און פאנטאסטישע עלעמענטן אין זײַן שאפן, און דאן פלעגט זיך אנטפלעקן די קרויוועשאפט, עמעס, ווײַטע, דאָך קרויוועשאפט פון סטענדאלס ענערגיע־בענקשאפט אפילע מיט דער נאָוואלישער בענקשאפט צו דער „בלויער בלום". די סינע צו דעם ארומיקן וואלגער־גרויען ארום פלעגט אפילע דעמדאָזיקן מאטעריאַליסט־אטעיִסט פירן צומאָל אף פארסאמטע וועגן, וועקן זײַן נײַגיר צו דער פסיכאָפאטאָלאָגיע פון א טשענטשן, פון א מארשאל דע־רעצ, צום אבערגלויבן פון דעם ייִד פיליפ, צו די נעוויִעס פון אן אבאט בליאַנעס („פארמער קלויסטער"). ניט צופעליק האָט אפילע דער פראנצויזישער דעקאדאנס פון סאָף 19־טן יאָר ה. געפונען פאר זיך יערושע־מעגלעכקײַטן אין סטענדאלס שאפן. ניט אלעמאָל איז אויך די סטענדאלישע „ענערגיע" סאָציאַל געצאמט, זי פארוואנדלט זיך צומאָל אינעם קולט פון רויער קראפט, פון סטיכעיִשן אויפברויז, סטענדאל הייבט אָן אידעאַליזירן ענערגיע אומאָפּהענגיק פון איר סאָציאַלן באטײַט, פין אירע קוואלן און רעזולטאטן, און ניט צופעליק ווידער האָט ניצשע געזען אין סטענדאלן זײַנעם א פאָרגייער.

אין די לעצטע יאָרן פין סטענדאלס לעבן—אן ערעך זינט 1837—האָט זיך דער ראָמאנטישער שטראָם אין זײַן שאפן נאָכמער געשטארקט. עס איז בעליסאָפּעק פארבונדן מיט א וואקסנדיקן עקל צו דער פראנצויזישער ווירקלעכקײַט, מיט א וואקסנדיקער אנטוישונג און מידקײַט. אין אָט דעם פעריאָד פארפאסט סטענדאל דעם גרעסטן טייל איטאליענישע רענעסאנס־כראָניקעס, דעם „פארמער קלויסטער" און זײַן לעצטן ראָמאן „לאמיעל" (1839־1842). „לאמיעל" איז גראָר געגומען פון דעם פראנצויזישן לעבן ארום 1830, און דאָך איז עס סטענדאלס פאנטאסטישער ראָמאן. עס איז א רוסאָיִסטישער ראָמאן, מיט רוסאָס ליטזאָציע: „דער מענטש איז בעטעווע גוט—אָבער וואָס האָט פון אים געמאכט די געזעלשאפט? דער מענטש ווערט געבאָרן פרײַ,—און דאָך זעען מיר אים טאָמיד אין קייטן". לאמיעל איז אן אָרעם מיידל, א יעסוימע, ווערט דערצויגן בא א רײַכער מארקיזע, רײַסט זיך אָבער ארויס אין דער וועלט אין דער שטרעבונג צו אומאָפּהענגיקײַט אין ביפראט אין דער זוכעניש פון עמעסער ליבע. נאָך א קייט ווילדע אוואנטיורעס און אנטוישונגען געפינט זי די ריכטיקע ליבע אין די אָרעמס פון דעם גאנעוו און רויבער וואלבערי. לאמיעל איז א מין רוסאָיִסטישער נאטור־מענטש. זי האָט געקאָנט ווערן א פאראַלעלע פרויען־פיגור צו זשוליען סאָרעל; זי איז עס ניט געוואָרן, דער סאָציאַלער שפיץ איז אין דעם ראָמאן קימאט אינגאנצן אָפּגעבראָכן. דער ראָמאן איז געבויט לויט אלע קלאָלים פון דער ראָמאנטישער היגאָ־פּאָעטיק: אומגעריכטע און ניט וואַרשײַנלעכע אנטוויקלונג פין דער פאבולע; נאכלעסיקע און ניט גענוגנדיקע מאָטיווירונג; אויסטערלישע כאראקטערן און פאטאלאָגישע פיגורן (דער הויקערדיקער דאָקטער סאנפען, דער רויבער, דער גראף דאָקיניע—נערווינד).

סטענדאלס בעלעטריסטיש שאפן קאָן, אזויארום, אײַנגעטיילט ווערן אין צוויי פעריאָדן: א מער רעאַליסטישן (1827־1836) און א מער ראָמאנטישן (1837־1842). די הויפּט־ווערק פונעם ערשטן פעריאָד זײַנען „רויט און שווארץ", „רויט און ווײַס" און „פעדער", פונעם צווייטן פעריאָד „פארמער קלויסטער" און „לאמיעל".

ניט צופעליק איז סטענדאל אין זײַן צײַט אדורכ קימאט ניט באמערקט. די טיפע געשפאָלטנקײַט און צעצווייטקײַט פונ זײַן קונסט האָט דאָ באשטימט געזאָגט איר וואָרט: זײַן שאפנ איז געוואָקסנ אין שאָטנ פונ צוויי מעכטיקע בוימער, פונ צוויי מער אָרגאנישע טאלאנטנ, זײַן ראָמאנטיזמ איז פארשטעלט געוואָרנ דורכ הוגאָס ווערק, זײַן רעאליזמ— דורכ באלזאקס ווערק. די ראָמאנטיקער פונ זײַן צײַט האָבנ אימ ניט פארשטאנענ צוליב זײַן רעאליזמ, די שפּעטערדיקע רעאליסטנ האָט געכידעשט זײַן ראָמאנטיזמ. אנדערש געזאָגט: דעמ פראנצויזישנ קלײנבירגערטומ אינ זײַן מאסע האָט מער אנטשפּראָכנ די ווייכע, מעליצעדיקע, סענטימענטאל־זיסלעכע פאנטאסטישע ראָמאנטיק פונ הוגאָ, וואָרעמ דאָס פראנצויזישע קלײנבירגערטומ איז געגאנגענ ניט צו דער ענערגישער בארג־פארטיי פונ דאנטאָנ און ראָבעספּיער, נאָר צו דער רעמאָרישער און ווייכ־לײַביקער בארג־פארטיי פונ לעדריוז־ראָלענ. אינ אזא היסטאָרישער סיטואציע האָט סטענדאלס „ענערגישע" ראָמאנטיק געמוזט אָפּגעבנ מיט א גרילצ, געמוזט אָפּהילכנ מיט גאָר א מאָגערנ געזעלשאפטלעכנ רעזאָנאנס.

אסאכ עלעמענטנ פונ סטענדאלס שאפונג גייענ ארײַנ אינ אײַזערנעמ פאָנד פונ דער קולטור־ירושע פונ דעמ סאָציִאליסטישנ פראָלעטאריאט. סטענדאל האָט געגעבנ גלענצנדיקע זײַטלעכ קריטיק פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, פונ בורזשואזער צוויִעס, ער האָט אנטבלויזט דעמ בורזשואזנ רעגירונג־מעכאניזמ. ער האָט איבערגעלאָזנ ניט פארגעסלעכע אנטירעליגיעזע קינסטלערישע דאָקומענטנ (לאָמיר דערמאָנענ בלויז דעמ סעמינאריעטייל פונ „רויט און שווארצ"); ער האָט פארצייכנט א ריי וויכטיקע געדאנקענ צומ קינסטלערישנ שעפערישנ פראָצעס. אינ די גרענעצנ פונ זײַנ קלאסנ־דערקענטעניש האָט ער געגעבנ ווערטפולע דערנעענטערונגענ צומ עמעס פונ זײַן צײַט. דידאָזיקע ירושע איז פאר אונדז ווערטפולער, איז אונדז אָנ א פארגלײַכ נעענטער, ווי די ליטעראטור פונ דער פוילנדיקער, דעגראדירנדיקער בורזשואזיע, ווי דאָס שאפנ פונ די פרוסטס און זשולראָמענס, צו וועלכע עס שלעפּנ אונדז אײניקע רעאקציִאָנערע קריטיקער. און דאָס לויגט דערמאָנענ און אונטערשטרײַכנ בא דער פײַערונג פונ סטענדאלס יובילײ.

יאנואר 1933.

א. וואָראָבייטשיק

# אינ איבערבויענ זיכ

(עליע שעכטמאנ—„פאראקערטע מעושעס". ערשטער בוכ. 1932)

I

דעמ בוכ האָט שעכטמאנ געשריבנ אינ מעשעכ פונ 1929—1931 י. לויט אלע סימאָנימ דאַרפנ „פאראקערטע מעושעס" זײַנ א ראָמאנ וועגנ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע אונ ליקווידאציע פונ באלעגופנטומ ווי א קלאס. דערווײַל ליגט פאר אונדז נאָר דער ערשטער טייל פונעמ ראָמאנ. דאָ ווערט געשילדערט דער ערשטער עטאפ פונעמ סאָציאַליסטישנ אָנגריפ אינ דאָרפ אפנ באָדנ פונ נעפ. דאָ ווײַזט אונדז שעכטמאנ דעמ אָנהייב פונ דער גראנדיעזער ארבעט, וואָס די פארטיי האָט דורכגעפירט אינ דאָרפ, צוגרייטנדיק „דעמ ראדיקאלנ איבערברוכ אינ דער אנטוויקלונג פונ אונדזער ערדארבעט פונ דער קליינער אונ אָפגעשטאנענער אינדיווידועלער ווירטשאפט צו דער גרויסער אונ פאָרגעשריטענער קאָלעקטיווער ערדארבעט, צו געמיינזאמער ערדבאארבעטונג, צו מאשינ-טראקטערישע סטאנציעס, צו ארטעלנ אונ קאָלווירטנ, וואָס שפארנ זיכ אָנ אפ דער נײַער טעכניק" (סטאלינ). שעכטמאנ וויל מאשמאָעס ניט אָנהייבנ די קאָלעקטיוויזאציע-עפּאָפּייע פונעמ „יאָר פונ גרויסנ איבערברוכ", ווענ ער האָט זיכ גענומענ שרײַבנ דעמ ראָמאנ. ער וויל אונדז פריער באווײַזנ „די לענינישע פּאָליטיק פונ דערציִענ די מאסנ, צופירנדיק בעהאדראָגע די פויערשע מאסנ צו די קאָלווירטנ דורכ אײַנפלאנצנ די קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפטלעכקײַט" (סטאלינ)—איינע פונ די הויפט-סיבעס פונ דעמ גוואלדיקנ דערפאָלג באמ סאָציאַליסטישנ איבערבויענ דעמ דאָרפ.

שעכטמאנ וויל אָבער אויכ ניט אָפּסילעקנ דעמדאָזיקנ עטאפ, ריכטיקער—די עטאפּנ פונ דערדאָזיקער דע-צִיערישער צוגרייטונג-ארבעט, מיט עטלעכע ארײַנגעפירטע בײַ-עפּיזאָדנ. יעדער עטאפ, ווײַזט אויס, איז פאר אימ א טעמע פאר זיכ—א זעלבשטענדיקע, אָפגעשלאָסענע טעמע. אונ מיר קענענ נאָר דאנקבאר זײַנ שעכטמאנענ דערפאר; וואָרעמ אונדזער קינסטלערישע ליטעראטור האָט זיכ נאָכ אזוי ווינציק פארנומענ מיט די וויכטיקסטע מאָמענטנ אונ פראָבלעמעס פונ אונדזער נאָכאָקטיאבערישער פארגאנגענהײַט, אז יעדער נײַער קינסטלערישער לײַוונט מיט דער אנטשפרעכיקער טעמאטיק איז פאר אונדז מאמעש א געווינס. מיר דארפנ נאָר אופמערקזאמ צוקוקנ זיכ, ווי שעכטמאנ איז פארטיק געוואָרנ מיט זײַנ דאנקבארער אונ פאראנטוואָרטלעכער טעמע, ווי טיפ ער האָט באנומענ די גרונט-פּראָבלעמענ, אונ אפ וויפל קינסטלעריש-איבערצײַגנדיק ס'זײַנענ זײַנע בילדער אונ געשטאלטנ.

קוידעמקאָל דארפנ מיר אָבער גענוי פעסטשטעלנ די פאקטישע כראָנאָלאָגישע דאטעס פונעמ געשילדערטנ פראָצעס. דערפונ ווענ דאָכ אינ א געוויסער מאָס אָפּהענגענ די

פאָדערונגען, וואָס קענען ארויסגעשטעלט ווערן דעם אווטער. שעכטמאנ אליינ האָט מאש־מאָעס גוט געפילט די וויכטיקייט פונ אזא דאטירונג פונ די געשעענישנ אונ האָט זי דורכ־געפירט אינ א פאָר ערטער פונ בוכ. באשרייבנדיק, לעמאָשל, איינע פונ זיינע ערשטע געשעענישנ, דעם „סכאָד" אינ סטאווקי (ז. 7), ווייזט ער אָנ, אז די מייסע איז פאָרגע־קומענ אינ „א פארנאכט פונעמ יאָר טויזנט ניינ הונדערט דריי אונ צוואנציקסטנ". דידאָ־זיקע דאטע שטרייכט ער דייטלעכ אונטער. דעם יאָר פארצייכנט ער ניט מיט ציפערנ, נאָר מיט פולע זעקס ווערטער. ער וויל, ווייזט אויס, צווינגענ דעם לייענער לאנגזאמ אונ באזיניקט איבערלייענענ די דאטע, ארויסריידנדיק באזונדער יעדנ וואָרט, קעדיי בעסער צו פארקריצנ זי אינ זיקאָרנ. די דאטע איז בא אימ דערצו נאָכ מאָטיווירט דורכ פעטרא באזילס רעדע אפ דעמדאָזיקנ „סכאָד".—„מיר האָבנ זיכ שוינ אביסעלע אָפגערוט, איבער־געכאפט דעם אָטעמ, דארפ מענ זיכ נעמענ צו דער ארבעט".—מע דארפ אויסבויענ „א שקאָלע", מע דארפ לערנענ די קינדער, „די מיידלעכ אויכ" א.א.וו. דער פויער, זעענ מיר, איז שוינ געקומענ צו זיכ נאָכנ שרעקלעכנ הונגער פונ 1921 י. אונ נאָכ דער ווירט־שאפטלעכער רויִנירונג בייס דעמ בירגער־קריג. ער פילט זיכ שוינ מער־ווינציקער פעסט ווירטשאפטלעכ אונ טראכט שוינ וועגנ א העכערער קולטור. אזא סיטואציע אינ דאָרפ האָבנ מיר טאקע ניט געקענט האָבנ, דוכט זיכ, פריִער פונעמ 1923 יאָר.

די הויפט־האנדלונג פונעמ בוכ שפילט זיכ אָפ ערשט אינ קומענדיקנ יאָר—אינ פרילינג—הארבסט פונ 1924 י.

II

שעכטמאנ עפנט זיינ בוכ מיט אנ אָפגעטאָקטנ, ביז דער קלענסטער קליינִיקייט אָפגע־שליפענעמ פייזאזש. דער אווטער פירט אונדז באקענענ מיט זיינע הויפט־העלדנ אונ לייגט אונדז דערוויילֿ פאָר גוט צוצוקוקנ זיכ צומ אָרט, ווו ס'וועט זיכ אָפשפילנ די הויפט־האנדלונג. ס'וועט אונדז צונוצ קומענ, מיינט ער.

„איינ וועג גייט פונעמ וואלד, דער צווייטער וועג גייט פונ די קאָרנ־פעלדער. דער וואלד איז א דעמבענער, א געדיכטער, ווו־ניט־ווו פלעכט זיכ איבער א מילכיק־ווייסע בעריאָזע מיט א יונגנ דעמב. דער וועג, וואָס גייט פונ וואלד, איז א שמאָלער אונ א געדרייטער. ער גייט דורכ די ברייטע לאָנקע אונ שטעלט זיכ אָפ לעבנ טויער פונעמ גרויסנ הויפ.

„דער הויפ איז א גרויסער. די שטוב איז א לאנגע, אונ זי שטייט מיטנ פאָנעמ צומ וואלד. דאָס גאנעקל, וואָס פירט אריינ אינ שטוב, איז מיט גרינס באפלאָכטנ, אונ דאָס גרינס פלעכט זיכ אפ פלאקסענע שטריקלעכ ביז אויבער דעכעלע, וואָס הענגט איבערנ גאנעק. פונעמ גאנעק גייענ אוועק צוויי אלציינע סטעזשקעלעכ—צו צוויי אלציינע טירנ:

— איינ טיר פירט צומ באלעבאָס פונעמ הויפ—צו פראנעק זיגערט.

— די צווייטע טיר פירט—צו אריע יוזעפינער".

צוויי וועגנ. איינ וועג, וואָס פירט צו די קאָרנ־פעלדער — צומ אָרט, ווו ס'האנדלענ אונ וואנדלענ די הויפט־מאסנ פונ דאָרפ, וואָס וועלנ ערשט העט שפעטער קומענ צומ וואָרט,—דער וועג איז נאָכ קאמ אָנגעמערקט, מיט אימ וועלנ מיר זיכ נאָכ באקענענ שפעטער. דער אנדער וועג, דער דאָמינירנדיקער אינעמ פייזאזש, פירט פונ וואלד. דער וואלד.—דער וועג.—די טויער.—דער גרויסער הויפ.—די לאנגע שטוב. דער גאנעק, פארוואקסנ מיט קריכנדיקע געוויקסנ.—צוויי אלציינע סטעזשקעלעכ. צוויי

אלציינע טירנ. צוויי דירעס. צוויי העלדנ. דערדאָזיקער סטאטישער פייזאזש (ווי פונ מירמלשטיינ אויסגעהאקט) לאָזט אונדז גלייכ שפירנ אינעם אָפּגעזונדערטנ כוטער א באלעגופיש נעסטל.

— „איינ טיר פירט צו פראנעק זיגערט...”

„פראנעק זיגערט איז א הויכער פאָליאק. אז ער גייט, קוקט ער שטענדיק אפּ דער ערד, אונ עפּשער דערפאר איז בא אים סוטולעוואטע די פּלייצע. זיינ פּאָנעם איז אנ...”

צום סטאטישנ פייזאזש קייטלט שעכטמאנ אָנ דעם סטאטישנ פּאָרטרעט (א פּולקאָמע סקולפּטור): זיגערטס אויסזענ, זיינ היילעכ, געוווינהייטנ,—א מער־ווינציקער געגויער פּאָרטרעט פונעם העלד, מיט וועלכנ מיר האָבנ זיכ געדארפט באקענענ, אונ אינ וועמענ מיר דערפילנ באלד איינעם פונ די הויפּט־העלדנ פונעם ראָמאנ. ער איז א מענטש א פארבאָרגענער, ווייזט אויס,—א געפערלעכער, פונ די „געוועזענע” (א שליאכטיטש?). ניט אומזיסט האָט ער דאָכ נאָכ דער רעוואָליוציע געביטנ זיינ אויסערלעכנ אויסזענ. די באשרייבונג פארענדיקט זיכ מיט פאָלגנדיקער סצענקע:

„אונ איצט איז ערעוו זומער אינ כוטער, אונ ס'איז איצט פארטאָג אינ כוטער. פראנעק זיגערט איז ארויס אינ הויפ אריינ. ער האָט זיכ אוועקגעלאָזט מיט זיינ שווערנ שפּאנ אונ מיט דעמ אראָפּגעבויגענעמ קאָפּ צום וואלד, ווו דער ניימיט פּאשעט די פערד. אינ וואלד האָט פראנעק געטראָפנ נאָר פינפ פערד. דעמ זעקסטנ האָט ער דערזענ זיכ פּאשענ אפנ קאָרנ. ער איז צוגעלאָפנ צום זונטערנ דעמב, ווו דער ניימיט איז געלעגנ איינגענורעט אינ דער סוויטע, אימ געגעבנ א שטורכ מיטנ שטיוול:—טאדעוש!...” (ז. 4).

קאעס שפּריצט פונ זיינע אויגנ:

„אמאָל וואָלט ער (דער באטראק) בא מיר שוינ געגאנגענ אָנ א קאָפּ פארקערעווענ דאָס פערד, אונ היינט דארפ מענ גאָר וויסנ, וויאזוי מיט אים צו ריידנ”.

אינ דער שטיינענער סקולפּטור האָט אופגעצאפּלט א לעבעדיק הארצ, פול מיט קלאסנסינע אונ מיט פארבאָרגענעמ באלעגופישנ ווּט. אומבאוועגלעכע בילדער זיינענ אופגעלעבט געוואָרנ דורכ א בליציקער, געפּרעסטער אונ געשפּאנטער סצענקע.

דאָס ווייטערדיקע רינגעלע פונ דער קאָמפּאָזיציאָנעלער קייט מוז נאטירלעכ זיינ אריע יוזעפינער. ערשטנס, האָבנ מיר דאָכ שוינ געהערט, אז „די צווייטע טיר פירט—צו אריע יוזעפינער. דארפ דאָכ שעכטמאנ אימ פאָרשטעלנ אונדז. צווייטנס, אסאָציִירט זיכ באמ אויטער די ערשטע געבראכטע סצענקע (זיגערט—טאדעוש) מיט אנ ענלעכער סצענקע, וואָס גיט אונדז דעמ סאָציאלנ פּאָרטרעט פונ יוזעפינערנ (גערונגענע ארבעטקראפט, צוויי־ארטיקע באציִונג צום „האָליש”, יוליק—אָביעקט פונ ביידנס עקספּלואטאציע).

די האנדלונג פונ דער צווייטער סצענקע גייט זיכ שטרענג פּאראלעל צו דער האנדלונג פונ דער ערשטער. יוזעפינער איז נאָר אנ אנדער וואריאנט פונ דאָרפישנ בלוטזויגער, זיינ נעפּמאניש־ספּעקוליאנטישער וואריאנט. זיינ סאָציאלע נאטור איז די אייגענע, וואָס בא פראנעקנ; ביידע האָבנ אפילע א היפש ביסל אלציינע געוווינהייטנ.

דערווייל האָט שעכטמאנ שוינ צוויי מאָל דערמאָנט יוליקנ. אונ שעכטמאנ האָט ליב גלייכ צו ווייזנ אונדז דעמ מענטשנ, וועמעס נאָמענ ער האָט נאָר דערמאָנט. וואקסט פאר אונדז טאקע באלד אויס א בילדל פונ אנ אָרעמ־פויערשערווירטשאפט. צוויי מיטגלידער פונ דער פאמיליע באטראקעווענ, די איבעריקע צוויי ארבעטנ אויכ אונטער בא די באלעגופים. אסאָציאטיוו שווימענ דאָ שוינ ארויס באמ אויטער זיכרוינעס וועגנ דעמ טראגישאומגעקומענעמ פּאָרזיצער פונ „קאָמנעזאמ”, אונ מיר ווייכנ אפּ א ווײַלע אָפּ אפנ צווייטנ

װעג, װאָס פירט צו קאָרנ־פעלדער און װײַטער אינ דאָרפ ארײַנ. דאָ באַגעגענען מיר זיכ שוינ פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטנ קלאַסנקאַמפּ אינ דאָרפ; מיר דערשפּירנ גלײַכ די אויסגעװאַקסענע אַקטיװקײַט פונ דער אָרעמקײַט און די עקאָנאָמישע טקיפעס און פאַרצװייפלטע קאַמפּ־גרייטקײַט פונ די באַלעגופים.

דורכ א פּאָר צענדליק געפּרעסטע קינסטלערישע בילדער, װאָס פאַרנעמענ א קנאַפּע אָנדערהאַלבנ צענדליק זײַטלעכ, האָט שעכטמאַנ אונדז געגעבנ א געװיסע פאָרשטעלונג פונ דער צעשטעלונג פונ די קלאַסנ־קויכעס און באַציִונגענ צװישנ די פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטנ אינ דאָרפ, האָט אָנגעמערקט די קאָנטורנ פונ די הויפּט־געשטאַלטנ און האָט אונדז צוגעפירט האַרט צומ קנופּ־פּונקט פונ בוכ: דעמ סאָציִאַליסטישנ אָנגריפּ אינ דאָרפ נאָכנ XIII צוזאַמענפאָר.

אינ דעמ ארײַנפיר האָט שעכטמאַנ דעמאָנסטרירט א רײ באַדײַטנדיקע פאָרמעל־קינסטלערישע דערגרייכונגענ, פאַרבונדנ מיט א ריכטיקער און אַלגעמײנ־אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג. דידאָזיקע דערגרייכונגענ קענ מענ ניט פאַרלייקענענ, און מע טאָר זײ בעשומ־אופנ ניט פאַרשװײַגנ. אָבער שוינ דאָ, אפ די ערשטע זײַטלעכ פונעמ בוכ, שטויסנ מיר זיכ אָנ אפ א רײ אָרגאַנישע שװאַכקײַטנ און בלויזנ פונ שעכטמאַנס שאַפונג־מעטאָד און פונ זײַנ סטיל. שוינ דאָ, דוכט מיר, קענ מענ באַמערקנ שפּורנ פונ געװיסע אינערלעכע װידערשפּרוכנ און א מינ דיסהאַרמאָניע אינ זײַנ שאַפנ.

שעכטמאַנס בילד איז געפּרעסט און העכסט אָנגעזעטיקט קינסטלעריש. זײַנ פּראָזע איז אָבער צו ברײט־דערציילעריש, באַרירעװדיק און איז איבערגעלאָדנ מיט איבעריקע װערטער און איבערכאַזערונגענ.

שעכטמאַנ שטרעבט צו באַװײַזנ אונדז דעמ עצמ טאָכ פונעמ היסטאָרישנ פּראָצעס ער סטאַרעט זיכ גלײַכ אפנ אָרט קלאָר צו מאַכנ פאַר אונדז דעמ עמעסנ מעהוס פונ די געשילדערטע געשטאַלטנ און דערשײַנונגענ, צו שאַפנ בא אונדז פונ אָנהייב אָנ א ריכטיקע אײַנשטעלונג און פּערספּעקטיװ. און אינ גרונט פונ זײַנ קאָמפּאָזיציע ליגט דער פּרינציפּ פונ אָנקייטלענ איינס נאָכנ אַנדערנ בילדער, װאָס געפינענ זיכ אינ רױמלעכער אָדער כראָנאָלאָגישער שכײנעשאַפט, אָדער אַזױנע, װאָס זײַנענ כאָטש פאַרבונדנ צװישנ זיכ דורכ שכײנישע אַסאָציִאַציעס. װײַס דעריבער שעכטמאַנ אָפט ניט װאָס צו טאָנ: שװימענ מיטנ שטראָמ פונ די געשעענישנ און ב ע ה א ד ר אָ ג ע ד י ק קלאָר מאַכנ פאַר אונדז דעמ זינ און טאָכ פונ דער האַנדלונג, אָדער גלײַכ אפנ אָרט דעשיפרירנ פאַרנ לייענער די מער קאָמפּליצירטע דערשײַנונגענ, ניט צװינגענ אימ טרעפנ און בלאָנדזשענ.

שעכטמאַנ װיל בעשומ־אופנ ניט בלײַבנ קיינ זײַטיקער, גלײַכגילטיקער באַאָבאַכטער פונ די געשילדערטע געשעענישנ. זײַנ שילדערונג לאָזט ניט איבער קיינ שומ ספייקעס אינ זײַנע פּאַרטייִשע סימפּאַטיעס. ער האַלט נאָכ אָבער, אפּאָנעמ, פאַר א סימענ פונ „גוטנ טאָנ" צו שטיינ, װי א באַאָבאַכטער, פונ דער זײַט, נאָכמערקנ דעמ „אויבנופ" פונ לעבנ־שטראָמ און אופדעקנ זײַנ טאָכ לויט סימפּאַטאָמאַטישע שטריכנ, לויט אויסערלעכע סימאָנימ—דערװײַזנ.

מיר װעלנ דאָ געניוער פאַנאַנדערקלײַבנ איינ בילד, װו די אַלע סטירעס האָבנ געבראַכט שעכטמאַנענ צו א פאַרדראָסלעכנ קינסטלערישנ דורכפאַל. שעכטמאַנ באַשרײַבט דעמ מערדערישנ אָנפאַל אפ פּעטרא באַזילס (ז. 11). דער לייענער איז שוינ, אייגנטלעכ, צוגעגרייט צו דעמדאָזיקנ אַקט פונ קלאַסנ־נעקאָמע. שעכטמאַנ מאַכט זיכ אָבער ניט װיסנדיק. ער דערציילט אונדז ברייטלעכ, װי פּעטראָס פערד איז געקומענ אהיימ מיט א פּוסטנ װאָגנ,

ווי יוליע האָט געמאכט אַ געפּילדער, ווי פראַנעק זיגערט האָט אַף זייער אַ פאַרדעכטיקן אויפן געפּרווּט „ראַטעווען" זײַן דאַמסוינע א.א.וו. דער לייענער פאַרשטייט זייער גוט, ווער דער מערדער איז. ער באַמערקט טייקעף אַלע געריכט־באַווײַזן, און ער קען מוחל זײַן דעם אַווטאָר זײַן „סוידעסדיקײַט" און רעמאַזימדיקע „פאַרבאָרגנקײַט". מיר קענען אָבער בעשומויפן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס שעכטמאַן האָט פּלוצים אָפּגעריסן דעם פריערדיקן בילד. שעכטמאַן האָט דאָך באַגלייט פּעטראַ באַזילס אין זײַן נעסיע פון ווינטמיל אַהיים, האָט דאָך גענוי געשילדערט פּעטראַס שטימונג, באַמאָלט דעם „ערעוו האַרבסטיקן" פּייזאַזש, שיר ניט אָפּגעשטעלט זיך אַף די שטימונגען פון פּעטראַס קליאַטשע. טאָ פאַרוואָס־זשע איז ער מיטאַמאָל אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד און איבערגעלאָזט זײַן העלד אַליין סאַמע ערעוו דעם טראַגישן מאָמענט? קעדיי באַצײַטנס „ניט אויסצוזאָגן פון פריִער"? איז דאָך עס מאַמעש אַ נאַיִווע קינדערשפּיל, ווײַל אַף דער 16־טער זײַטל האָט שעכטמאַן ווײַטער „פאַרשטעלטערהייט" אָנגעוווּנקען דעם לייענער אַפן עמעסן פאַרלויף פון דער געשעעניש! שעכטמאַן האָט זיך דאָ פּאָשעט פאַרפּלאָנטערט אין די סטירעס פון זײַן אייגענעם מעטאָד און האָט געפּרווּט ראַטעווען זיך מיט אומגעלומפּערטע פּינטעלעך (ז. 11, לעצטער אַבזאַץ).

שעכטמאַן האָט געוואַלטיק ליב סטאַטישע בילדער. אַפילע אין זײַנע דינאַמישע סצענקעס טראָגט ער אָפּט אַרײַן איבעריקע סטאַטישע עלעמענטן און דעטאַלן, און לאָדט זיי געווינלעך איבער מיט אומנוציקע לעקסישע באַפּוצונגען. די האַנדלונג ווערט אַף אַזאַ אויפן היפּש פאַרלאַנגזאַמערט און מאָנאָטאָניזירט, און דער אַלגעמיינער טעמפּ ווערט שטאַרק אָפּגעשוואַכט. דאָס האַרמאָנירט זייער ווינציק מיט די שטורמישע און קאָפּשווינדלענדיקע טעמפּן פון אונדזערע רעוואָליוציאָנערע פּראָצעסן.

מיט וואָס־זשע דערקלערן זיך די אַלע סטירעס און דיסהאַרמאָניע אין שעכטמאַנס מעטאָד און סטיל? איך מיין, אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון נאָך ניט אויסגעלעבטער פרעמדער יערושע, און אַ באַווײַז, אַז דער פּראָצעס פון איבערבויען זיך האָט זיך בא שעכטמאַנען נאָך ניט איינגאַנצן פאַרענדיקט. מירן דאָ ניט ריידן וועגן דעם טרויעריק־באַרימטן ערשטן עטאַפּ פון שעכטמאַנס ליטעראַרישער טעטיקײַט. איצט איז שעכטמאַן בליסאָפּעק שוין געשטיגן אַף אַ העכערער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער שטופע. ער האָט שוין אויסגעלעבט דעם מיטגעפיל צו די אונטערגייענדיקע קלאַסן, צו די אַלע ייִכעסדיקע און ניט־ייִכעסדיקע בלוטזויגערס, וואָס מיר האָבן ליקווידירט, אָדער מיר ליקווידירן זיי. שעכטמאַן פּרווּוט ענדגילטיק אָפּזאָגן זיך פון זײַן אַמאָליקן „אָביעקטיוויזם" און פון זײַן קליינבירגערלעכער „הומאַניסטישער" באַציִונג צו אונדזער סאָציאַליסטישערווירקלעכקײַט מיט איר פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף. שעכטמאַן סטאַרעט זיך איצט מיט אַלע קויכעס אַראָפּצורײַסן די מאַסקעס פון אונדזערע קלאַסן־סאָנים, ער סטאַרעט זיך ליידנשאַפטלעך צו באַרעכטיקן די ליקווידאַציע פון באַלעגופנטום ווי אַ קלאַס. מיר וועלן שוין בא אים ניט באַגעגענען אַפילע קיין שפּורן פון בענקעניש נאָכן שעפעדיקן, רויִקן, „שיינעם" „אַמאָל". איצט שטרעבט שעכטמאַן שטענדיק אונטער זײַן עקל צו דעם פּוסטן, שמוציקן לעבן פון נעפּמאַן און באַלעגופּ. ער שאַנעוועט שוין מער ניט ניט דעם בענטוירע, ניט דעם געוועזענעם גוויר־אַריסטאָקראַט. ער שטעלט זיי אויסנע אַנטקעגן דעם פּאָזיטיוון סאָוועטישן האָרעפּאַשניק (דאָ כאַפּט ער אַמאָל איבער אַ קאַפּעטשקע די מאָס, פאַרסאַכאַרינעוועט אים אַמאָל און וווּלגאַריזירט די גרויסע דערציִערישע ווירקונג פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. — וועלוול דער שמיד און זײַן רויט ביכעלע פון קאָסטאַרנגעזעלשאַפט!). „פּאַראַקערטע מעזשעס" זײַנען דעריבער אַן אָנגענעמער און איבערצײַגנדיקער באַווײַז פון שעכטמאַנס אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער

איבעראָריענטאציע, א דערפרייענדיקער באווייז פון זיין דערנעענטערן זיך צו דער פּראָלעטאריש־סאָציאַליסטישער ליטעראטור. אָבער שעכטמאן האָט נאָך אלץ ניט גוויוער געווען איבערגאנגען די אלטע, פרעמדע ירושע, ער האָט זיך נאָך אלץ ניט אויסגעלערנט צו באנעמען אונדזער ווירקלעכקייט אין איר גאנצער קאָנקרעטקייט און סטירעסדיקייט מיט אלע אירע אינערלעכע טרייבקרעפטן. דעריבער טרעפן זיך נאָך בא אים דערווייל קינסטלערישע סטירעס, פארפלאכונגען און פּאָשעטע וולגאריזאציעס. נאָך ווינציקער האָט זיך שעכטמאן באפרייט פון דער לאסט פון געיארשנטע פאָרמעל־קינסטלערישע מיטלען און שילדערונג־מאנירן, וואָס הארמאָנירן אָפט אינגאנצן ניט מיט זיינע נייע, ריכטיקע אידעאָלאָגישע איינשטעלונגען און אָנצילונגען.

III

דער אָנהייב פון קאָאָפּעראטיווער בויונג אין דאָרף איז די הויפּט־טעמע פון שעכטמאנס בוך. שעכטמאן פּרווט זיך פארקערפּערן אין קינסטלערישע בילדער און געשטאלטן די וויכטיקסטע פארטייאישע איינשטעלונגען און פּלענער בענעגייע דעם דאָרף.

„אין דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון דאָרף מערקן זיך אָן צוויי אנטוויקלונג־ליניעס: איינע—די קאפּיטאליסטישע, ביים אָפּ איינ פּאָליוס זאמלט זיך אָן קאפּיטאל, און אָפּן צווייטן—געדונגענע ארבעטקראפט, דאלעס. די צווייטע אנטוויקלונג־ליניע—דורך די סאמע פארשטענדלעכע, גרינגע און צוגענגלעכע פארן פויערטום אויפאנים פון קאָאָפּעראציע—צום סאָציאַליזם" (רעזאָליוציעס פון XIII צוזאמענפאָר).

שעכטמאן הייבט אָן זיין בוך, שילדערנדיק די ערשטע אנטוויקלונג־ליניע, וואָס דער נעפּ האָט פאר איר, קלוימערשט, געעפנט א פרייען וועג. אין צווייטן קאפּיטל ווייזט ער אונדז אין זיין גאנצער פּראכט און גלאנץ דעם ספעקוליאנט־וואָכערניק—אריע יוזעפינער. שעכטמאן ווייזט אונדז די „עקאָנאָמישע פּאָליטיק" יוזעפינערס, זיינע ספעקוליאנטיש־מאראָדיאָרישע שפּיצלעך, זיין מאנעוורירן צווישן די פארשיידענע שיכטן פון פויערטום און זיין זיכערקייט אין דער אייגענער טקיפעס.

„דער סעזאָן הייבט זיך אָן,—טענעט ער איין מיט זיינע שותפים,—נאָך שאבעס הייבט מען אָן טראָגן מילך... היינטיקס יאָר צאָל איך מער ניט ווי אן ארשין ציץ פאר א פוד מילך... נישקאָשע, די האָלישעס וועלן טראָגן מילך, אז א פארע וועט פון זיי קריכן. הע־הע, מיט די באלעבאטים, מיט זיי האָב איך שוין מייטעוו געווען... ס׳דארף זיין יאדאכעס. מיר האָבן פאר קיינעם קיין מוירע ניט,—נעפּ איז נעפּ. כ׳האָב א פּאטענט און צאָל אין פינאָטדיעל, האָב איך אלעמען אין דר׳ערד. וואָס קען מען מיר טון". (ז. 26).

און אז מע דארף, קען ער זיך באהאלטן הינטער דער פּלייצע פון א „האָליש", קען ער קויפן זיך א פּאפּירל, אז ער איז נאָר „א סלוזשעשטשע" בא זיינע מאשינען, ער קען זיך אפילע באהאלטן הינטער א פיקטיווע קאָאָפּעראטיוו. זיין קאָמפּאניע מעג זיך האָבן טיינעס צום „פינאָטדיעל", אָבער אין דער זיכערקייט פון זייער לאגע צווייפלען זיי נאָך ניט.

— „כ׳ווע, נו,—האָט סרוּעל מיידאנער א מאך געטאָן מיט די הענט איבערן צימער,—מאכט ניט, רעב אלטער, קיין טאראראם, זיי נייטיקן זיך אין אונדז בעסער, ווי מיר אין זיי.

— א פיינעם פּאָנעם האָבן זיי געהאט איידער מע האָט אונדז געגעבן דעם נעפּ?—האָט מוישע מופּטע זיך אופגעכאפּט מיט א רויט פּאָנעם,—מיר האָבן זיי געשטעלט אפּ די פיס...

— ווי דענ?—האָט אריע געקעמט ברייט די באָרד,—ס'איז העפקער פעטרעשקע?.. עפעס אזוי נעמט מענ צו באם יידנ דעם האנדל?" (ז. 56).

דער באַלעגופ־ערדארבעטער איז עפשער ניט אזוי האָפּערדיק בא זיכ, ער פילט זיכ אָבער אויכ גענוג פעסט.

„דארמא,—האָט פראנעק א זאָג געטאָנ צום לאָשעק,—דײַנ באַלעבאָס איז געווענ א באַלעבאָס אונ וועט פארבלײַבנ א באַלעבאָס. אונ זיי זײַנענ געווענ האָלישעס אונ וועלנ פארפאלנ ווערנ האָלישעס..." (ז. 11).

פראנעק איז נאָכ קאמפּלוסטיקער, בלוטגיריקער אונ אנטשלאָסענער פונ אריענ, וועלכער וויל אָפּטאָנ יעדע געפערלעכע שטיקל ארבעט מיט פרעמדע הענט.

דער ערשטער אנטוויקלונג־ליניע שטעלט שעכטמאנ באלד אנטקעגנ די צווייטע ליניע, וואָס די פארטיי האָט זי דעמלט געהאט אָנגעמערקט,—די קאָאָפּעראטיווע בוויוּנג. פריִער האָט אונדז שעכטמאנ אָבער געמווּט באווײַזנ, אז געוויסע שיכטנ פונ דאָרפ זײַנענ שוינ גרייט אופצונעמענ די פארטייִשע פּלענער, אז אינ דאָרפ איז פאראנענ אנ אקטיוו, אפ וועמענ די פארטיי קענ זיכ שטיצנ. מיט דער אופגאבע איז שעכטמאנ אויכ אינגאנצנ פארטיק געוואָרנ.

שוינ פונ די ערשטע זײַטלעכ אָנ האָט אונדז שעכטמאנ באוויזנ די וואקסנדיקע באוווּסט־זיניקײַט אונ אקטיווקײַט פונ די אָרעם־פויערשע מאסנ אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פונ דער פארטיי. דער פאָרזיצער פונ אָרעם־פויערים־קאָמיטעט („קאָמניעזאמ") אונ א באטראַק־קאָמיוגיסט—ביידע געוועזענע רויטע פארטיזאנער אונ שפּעטער רויטארמייער—שטעלנ שוינ אינ 1923 י. די פראגע וועגנ א „שקאָלע". זיי כאָלעמענ וועגנ אראָפּגעשיקטע פארטייער אונ לערערס, וואָס וועלנ קענענ זאָגנ די פויערים „א גוט וואָרט". אנ אנדער אָרעם־פויער קלאָגט זיכ אזוי אופריכטיק־איבערצײַגנדיק: „פינצטערע מענטשנ זײַנענ מיר, אָט ליגט א „האזועטע"[1] אפנ טיש, מע שרײַבט דאָרט וועגנ מיר. נו, אונ איכ? א פינצטערער מענטש". (ז. 6).

דער אָרעם־פויער ווייס, אז די צײַטונג האָט צו טאָנ מיט אים, אז זי באהאנדלט זײַנע איניאָנים אונ קלערט אופ זײַנע אינטערעסנ. פונקט ווי אמאָל אפנ פראָנט האָט ער זיכ געלערנט איוורע, ווײַל „ער האָט געוואָלט אליינ קענענ איבערלייענענ, פארוואָס ער שלאָגט זיכ, פארוואָס ער וועט לייגנ זײַנ קאָפּ" (ז. 6), אזוי וויל ער איצט באגרייפנ די נײַע סיטואציע אונ בײַקומענ די נײַע, אייגנטלעכ די אלטע, די אייגענע, וואָס פריִער, קלאסנ־סאָנים. (זע ז. 31).

טאדעוּש מיט זײַנע כאווײרים זײַנענ זיכער, אז ניט אייביק וועלנ זיי דארפנ ארבעטנ אפנ באַלעגופ, אז זיי וועלנ נאָכ אמאָל ארבעטנ אפ זיכ אליינ. זיי פארשטייענ אָבער צו גוט, ווי שוואכ זיי זײַנענ ווירטשאפטלעכ, ווי אומבאהאָלפנ זיי זײַנענ נאָכ עקאָנאָמיש. דערפאר איז אזוי באגרײַפלעכ זייער „צעטראָגנ ווערנ פונ סימכע" בא דער ערשטער בסורע פונ דער קאָאָפּעראציע. (ז.ז. 33—34).

זייער געלונגענע האָט שעכטמאנ אויסגעקליבנ אויכ דעם באשטימטנ מינ פונ די פאר־שיידענע מינים לאנדווירטשאפטלעכע קאָאָפּעראטיוונ—די מילכ־קאָאָפּעראציע. דאָס איז געווענ אײנער פונ די ערשטע מינים פונ פראָדוציר־אָפּזאצלעכער קאָאָפּעראציע, וואָס

[1] דורכ די געציילטע אוקראַינישע ווערטער גיט שעכטמאנ צו א געוויסנ נאַציאָנאַלנ קאָלאָריט אינ די נייטיקע פאלנ אונ מאָמענטנ.

האָבנ זיכ דעמלט אָנגעהויבנ פאַרשפּרייטנ אינ דאָרפ. אפ זיי האָט געווענדעט זײַנ באַזונדער אופמערקזאַמקײַט דער XIII צוזאַמענפאָר, אפ זיי האָט זיכ אָפּגעשטעלט כ׳ סטאַלינ אינ זײַנע לעקציעס אינ 1924 י. דער לענינישער קאָאָפּעראַטיווער פּלאַנ איז דאָכ באַשטאַנענ ניט נאָר אינ באַקעמפנ דעמ פּריוואַטנ האַנדל מיט דער הילפ פונ קאָאָפּעראַציע, נאָר אויכ אינ אָרגאַניזירנ דעמ קליינעמ פּראָדוצירער, ווי א פּראָדוצירער, אינ צוגעווינענ דעמ פּריוואַט־אייגנטימערישנ באַלעבעסל צו קאָלעקטיווע פאָרמעס פונ אַרבעט. די לעצטע אופגאַבע האָט געהאַט אנ אַלוועלטלעכע היסטאָרישע באַדײַטונג, אפ וויפל זי האָט צוגעגרייט די ברייטסטע פּויערשע מאַסנ צו דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע. אינ 1923—1925 יאָר האָבנ דאָס אַסאַכ כאַוויירימ נאָכ ניט פאַרשטאַנענ, אָבער די פּאָרטראַגנ אונ רעזאָליוציעס פונ XIII צוזאַמענפאָר האָבנ דאָס דײַטלעכ אָנגעמערקט אונ עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכנ. שעכטמאַנ האָט דעריבער ריכטיק געשטעלט דעמ טראָפּ אפ דער מילכ־קאָאָפּעראַציע (ער האָט, פאַרשטייט זיכ, געקענט אויסקלײַבנ אויכ די לײַנ־קאָאָפּעראַציע, אייל־קאָאָפּעראַציע א.א.וו.), וואָס ווערט בא אימ באַגלייט דורכ געברויכ־קאָאָפּעראַציע.

ריכטיק האָט שעכטמאַנ פאַרשטאַנענ זײַנ אופגאַבע נאָכ אינ אײנעמ א פּראַט. ער שטרעבט אונדז צו ווײַזנ, ווי די קאָאָפּעראַציע באַפרײַט דעמ אָרעמענ אונ מיטלנ פּויער פונ עקאָנאָמישער פאַרשקלאַפונג באַמ וואָכערניק־ספּעקוליאַנט, אונ ווי זי אַקטיוויזירט גלײַכצײַטיק די מאַסנ אונ אָרגאַניזירט זיי צומ אַנטשיידנעמ קלאַסנקאַמפּ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי. אָט נעמט די זײַטלעכ 73—75, ווו שעכטמאַנ באַשרײַבט אונדז דעמ אייגנאַרטיקנ קלוב, וואָס האָט זיכ סטיכיש אָרגאַניזירט אַרומ דעמ קאָאָפּעראַטיוו. קוקט זיכ נאָר צו צו אַרכיפּנ, וואָס טראָגט נאָכ די מילכ צו אַריענ, וואָס ווערט אָבער אויכ מיטגעריסנ דורכ דער אַלגעמיינער שטימונג אונ פּלעכט שוינ אויכ אַרײַנ אינעמ אַלגעמיינעמ אַנטיבאַלעגופישנ שמועס זײַנע א מײַסע וועגנ די קריוודעס מיצאַד א יאַנקאַ דעמ מילנער. עמעס, די זײַט פונ דער פּראָבלעמ איז בא שעכטמאַנענ קאַנ־קאַמ אָנגעמערקט. דאָכ, האַלטנ מיר, האָט שעכטמאַנ פּאָרט מער־וויניקער מאָטיווירט קינסטלעריש דעמ פּאָרגעפיל פונ געפאַר באַמ קלאַסנ־סוינע, דעמ אָנהייב פונ א פּאַניק אינ זײַנ לאַגער.

„אַז דו פאַרשטייסט ניט, פּראַדל... סע לאָזט דאָס אײַנ! ס׳איז א טשומאַ אפ מיר...“ ז.ז. 67—68) — פּילדערט אַריע יוזעפּינער. ער האָט גלײַכ דערפילט די קלעפּ פונ דער קאָאָפּעראַציע אונ דערשפּירט די טויט-געפאַר, וואָס עס דראָט אימ צוליב איר.

ניט וויניקער באַרעכטיקט, אַליינ פאַר זיכ, אָבער שוינ ניט לעפּיִרעכ שוואַכער מאָטיווירט קינסטלעריש, איז די אומרויִקײַט, וואָס די קאָאָפּעראַציע רופט אַרויס בא די פּראַנעקס אונ בא די יאַנקאָס. פונ שעכטמאַנס בוכ זעענ מיר נאָכ דערווײַל ניט אַרויס די דירעקטע געפאַר פאַר דידאָזיקע באַלעגופימ מיצאַד דער מילכ־קאָאָפּעראַציע. עמעס, די „האָלישעס“ קענענ ווערנ בא זיכ אַסאַכ טאַקעפער, אונ דער אָרעמ־פּויערימ־קאָמיטעט קענ נאָכ באַקומענ נאָכ א גרעסערע מאַכט. אָבער פּראַנעקס ווײַטזיכטיקײַט, זײַנ ריכטיקער פּראָגנאָז האָבנ פּאָרט געפאָדערט א באַזונדערע דערקלערונג.

„פּראַנעק האָט זיכ צוגערוקט צו יאַנקאָנ אונ אימ אַרײַנגערומט קימאַט אינ אויער אַרײַנ: „מע טאָר ניט דערלאָזנ די קאָאָפּעראַציע... מע טאָר ניט. ניט צוליב אַרלענ. מיכ וואָלט ניט געאַרט, אַז סע זאָל זײַנ עפּעס א קאָנקורענט אַרלענ, אָבער אויב מע מאַכט די קאָאָפּעראַציע זיירע, אַז סע וועט זײַנ בעסער ווי בא אַרלענ, דעמלט, ברודערל, איז שלעכט. דעמלט, ברודערל, ווערט טאַדעוש בא זיי אינגאַנצנ א באַגלויבטער... דעמלט נעמט מענ זיכ צו דײַנ מיל... אונ...“ (ז. 41).

שעכטמאנ האָט נאָר געקענט קאָנסטאטירנ א פאקט, אָבער מאָטיווירנ אימ קינסטלֿעריש איז ער שוינ ניט בעקויעכ געווענ...

דאָ זײַנענ מיר צוגעקומענ צו איינעמ פונ די שוואכע פונקטנ אינ שעכטמאנס אידעאָלאָגיש־קינסטלֿערישער קאָנצעפּציע. איצט וועט אונדז אויסקומענ גענויער צו באטראכטנ אייניקע זײַנע אידעאָלאָגישע פיגורנ אונ קינסטלֿערישע דורכפאַלנ.

איינער פונ שעכטמאנס הויפּט־גרײַזנ, האלטנ מיר, איז זײַנ מוירע כאָטש אפּ א טראָט ארויסצוגיינ פונ די ענגע דאלֿעדאמעס פונ דאָרפ. שעכטמאנ פרווּט זיכ אפילֿע ניט אופּצודעקנ דעמ ענגנ צוזאמענהאנג פונ די פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ דאָרפ, מיט די אלֿגעמיינע פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ לֿאנד ביכלֿאל. ער האָט, לֿעמאָשל, מיט קיינ איינ וואָרט ניט דערמאָנט דעמ קאמפּ, וואָס די פּארטיי האָט געפירט קעגנ דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע, גראָד ארומ די פּראגעס פונ דער פּארטיי־פּאָליטיק אינ דאָרפ, אונ אינ א געוויסער מאָס אויכ ארומ די פּראגעס פונ קאָאָפּעראציע, אינערלֿעכנ האנדל, מאָנאָפּאָלֿ פונ אויסערלֿעכנ האנדל—פראגעס, וואָס האָבנ אויכ זייער שטארק באריר ט די אינטערעסנ פונ פויערטומ. דאָס אלֿצ האָט דאָכ געהאט א דירעקטע שײַכעס אפילֿע צו שעכטמאנס „ענגער טעמע“. שעכטמאנ דערמאָנט אינערגעצ ניט די מאָסגעבנדיקסטע פּארטיידאָקומענטנ, וואָס האָבנ אָנגעמערקט די ווײַטגייענדיקסטע פּערספּעקטיוונ פונ פלֿאנמעסיקנ סאָציִאַליסטישנ איבערבוי פונ דאָרפ, איבערגייענדיק פונ די עלֿעמענטארסטע פאָרמעס פונ פּארגעזעלֿשאפטלֿעכטער ארבעט צו די העכערע אונ לֿעסאָפ צו די סאמע העכסטע. שעכטמאנ דערמאָנט אפילֿע ניט די נאָענטסטע אופגאבעס, וואָס די פּארטיי האָט געשטעלֿט פאר זיכ אינ דאָרפ. ער דערמאָנט ניט די פּארטייִשע דירעקטיוונ צו שטיצנ די אָרעמ־פויערשע אונ מיטל־פויערשע ווירטשאפטנ, פארשטארקנדיק זייער פּראָדוציר־באזע, באפרײַענדיק זיי פונ דער שטענדיקער נויטווענדיקײַט אָנצוקומענ צומ באלֿעגופ נאָכ א האלוואָעלֿע, נאָכ הילפ מיט לֿעבעדיקנ אונ טויטנ אינווענטאר א.א.וו. שעכטמאנ דערמאָנט ניט די פּארטייִשע דירעקטיוונ צו שטיצנ די אופקומענדיקע קאָלווירטנ אונ קאָמונעס אונ אפילֿע די עלֿעמענטארסטע פאָרמעס פונ געזעלֿשאפטלֿעכער האָרעוואניע, „געמיינזאמער ארבעט“, ווי געמיינזאמע באארבעטונג פונ דער ערד, געמיינזאמער היי־שניט א.א.וו. שעכטמאנ האָט ניט באנומענ די אויסעראָרדנטלֿעכע וויכטיקײַט פונ די אלֿע מאָמענטנ פאר דער טיפער קינסטלֿערישער באגרינדונג פונ געשילֿדערטנ פּראָצעס, אונ פונ די געשילֿדערטע געשטאלטנ (אונ עפשער האָט ער פאר זיכ ניט קלֿאָר געמאכט די וויכטיקײַט פונ די מאָמענטנ אלֿיינ פאר זיכ?).

פארשווײַגנדיק די אלֿע מאָמענטנ, האָט שעכטמאנ, פארשטייט זיכ, ניט געקענט באפרידיקנדיק מאָטיווירנ זיגערטס פארשארפטע קלֿאסנ־שפּירונג אונ זײַנ פולֿשטענדיק באגרינדעטנ פאָרגעפילֿ פונ די גאָר נאָענטע געפארנ. מיר זײַנענ זיכער, אז די דאָרפישע באלֿעגופימ אונ דריבנע נעפלֿײַט האָבנ גאנצ גוט געוווּסט וועגנ אלֿע מאָסמיטלֿענ פונ דער פּארטיי אונ דער סאָוועטנ־רעגירונג, אפּ וויפלֿ אזוינע מאָסמיטלֿענ האָבנ געהאט א דירעקטע שײַכעס צו זיי, אפּ וויפלֿ דורכ דעמ זײַנענ באריר ט געוואָרנ די בלֿוטיקסטע אינטערעסנ זייערע. זיגערט אונ יוזעפינער האָבנ עפשער קיינ צײַטונגענ ביכלֿאל ניט געלֿייענט, אָבער יעדיִעס וועגנ די וויכטיקסטע פּארטיי־באשלֿוסנ, וואָס האָבנ געהאט א שײַכעס צו זיי, האָבנ זיי פאָרט געמוזט באקומענ. שעכטמאנ האָט אָבער אומישנע פארשוויגנ די אלֿע פּראגעס. ער האָט דערמאָנט וועגנ א „האזעטע“, וואָס קומט אָנ אינ דאָרפראט, וועגנ שמועסנ, וואָס פאָליע פירט מיט די פויערימ מיקויעכ דעמ, וואָס עס שרײַבט זיכ אינ בלֿאט, ער היט זיכ

אָבער אויסצוזאָגן אונדז, *װעגן װאָס פאָרט שרײַבט די בלאט*. דעריבער האָט ער ניט געקענט מאָטיװירן א היפּשע רײ מאָמענטן פון זײַן שילדערונג.

מיר האָבן זיך געסטאַרעט די גאַנצע צײַט צו באַװײַזן שעכטמאַנס ריכטיקע אָנצײלונג, די מײַסטערישקײַט פון זײַנע אײנצלנע בילדער און די קינסטלערישע איבערצײַגעװדיקײַט פונעם אלגעמײנעם בילד, װאָס גיט אונדז קימאט א פולע פאָרשטעלונג װעגן *צושטאנד פון דאָרף אין אײן געגעבענעם מאָמענט*. דידאָזיקע פארדינסטן טאָר מען בא שעכטמאַנען אין קײן פאל ניט אָפּנעמען. מיר קענען אָבער אויך ניט פארשװײַגן זײַן קריכנדיקן עמפּיריזם, זײַן „ליטעראַרישן עקיזם“, אזוי צו זאָגן.

שעכטמאַן איז ניט אינגאַנצן פארטיק געװאָרן מיט די אויפגאבעס, װאָס ער האָט פאר זיך געשטעלט. אײנע א העכסט װיכטיקע אויפגאבע האָט ער פאר זיך אפילע ניט געפּרוּװט שטעלן. מיר רײדן דאָ װעגן דער אויפגאבע קינסטלעריש צו דערװײַזן די ריכטיקײַט פון דער גענעראַלער פארטײ־ליניע און דעם קאַמף פון דער פארטײ מיט אלערלײ אָפּנייגן. איך האַלט, אז אין אזוינע װערק, װי שעכטמאַנס, װאָס דאַרפן קינסטלעריש באַזיניקן לאַנגדויערנדיקע פּראָצעסן פון אלװעלטלעכער היסטאָרישער באַדײַטונג, איז װיכטיק צו װײַזן נאָר דעם גאַנג פון די געשעענישן און די מאָמענטאַלע, טאָגטעגלעכע אָנפירונג פון דער פארטײ. דאָ דאַרף מען נאָך באַװײַזן, װי אַפּן סמאַך פון ריכטיקן מאַרקסיסטישן אַנאַליז װערן געגעבן װײַטזיכטיקע פּראָגנאָזן, װערן אָנגעמערקט מער־װינציקער קאָנקרעטע פּלענער פון װײַטגײיענדיקער רעגולירונג פון די היסטאָרישע פּראָצעסן. װאָס פאר א געװאַלדיקע דערציִערישע באַדײַטונג װאָלט שעכטמאַנס ראָמאַן באַקומען, װען מיר זעען דאָ דעם קאַמף אַף צװײ פראָנטן באַם אָנמערקן און דורכפירן די גענעראַלע פארטײ־ליניע אין די פּראַגעס פון צוזאַמענשלוס מיטן פּויערטום און פון סאָציִאַליסטישן איבערבויען דעם דאָרף. אזא מין אויפגאבע האָט זיך שעכטמאַן אפילע ניט געשטעלט. אונדז בלײַבט נאָר איבער פאַנאַנדערצוקלײַבן, אַף װיפל ער איז פארטיק געװאָרן מיט זײַנע ענגערע אויפגאבעס.

## IV

שעכטמאַן האָט אונדז געגעבן א פולשטענדיק באַפרידיקנדיק קינסטלעריש בילד פונעם *צושטאַנד פון דאָרף באַם אָנהײב פון דער האַנדלונג*. ער האָט אונדז געגעבן א רײ פונדאַמענטאַלע געשטאַלטן—טיפּן (זיגערט, אַריע, טאַדעוש, יוליע, יוליק, בענציע, טײלװײַז—לײבקע). אײניקע פון זײַנע געשטאַלטן זײַנען אביסל פארסאַכאַרינעװעט, און א רײ פון זײערע כאַראַקטער־שטריכן זײַנען שטאַרק פּראָבלעמאַטיש (אװראָם סטאַװקיער), אָבער אין אלגעמײן זײַנען דאָס אויך רעאַליסטישע קינסטלערישע געשטאַלטן. שעכטמאַן איז אָבער אינגאַנצן ניט פארטיק געװאָרן מיטן באַװײַז פון דער סאָציִאַליסטישער איבערבויונג פון דאָרף, מיטן באַװײַז פון דעם בעהאַדראָגעדיקן צוגרײטן דעם באָדן פאר דורכויסיקער קאָלעקטיװיזאַציע און ליקװידאַציע פון באַלעגופנטום װי א קלאַס. שעכטמאַן האָט אונדז ניט באַװיזן דעם אויפקום פון די ערשטע קאָלװירטן, זײער װירטשאַפטלעכע פארפעסטיקונג (די פארטײַישע דאָקומענטן פון 1924 י. האָבן פארפיקסירט אזוינע דערשײַנונגען) און די טענדענצן פון די קאָלעקטיװן צו װאַקסן און פארשפּרײַטן זיך. באַװײַזנדיק אונדז די אומדערטרעגלעכע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער אָרעם־פּויערשער (און טײלװײַז מיטל־פּויערשער) װירטשאַפט, האָט שעכטמאַן אָבער אפילע מיט א װאָרט ניט דערמאָנט די קאָנקרעטע פּערספּעקטיװן פון איר װײַטערדיקער אַנטװיקלונג. *אין אײן אָרט* (ז. 106), בעבעט עפּעס טאַדעוש װעגן „צונױפנעמען כאָטש אלע אַקערס און אלע

פערדלעכ אינײנעמ״, ווענג „קויפֿנ אלע אינײנעמ מאשינעס“—דאָס איז נאָכ אָבער גאנצ ווײַט פונ ארטיקולירטע פּאָליטישע רייד. דערצו גלויבט ער נאָכ אליינ ניט אינ דער רעאלקײַט פונ זײַנע כאלומעס, שפּײַט אויס אונ מאכט זיי אוועק מיט דער האנט. אונ מער זאָגט שעכטמאנ קיינ וואָרט ניט ווענג די פּערספּעקטיוונ פונ קאָלעקטיוויזאציע.

ניט ווילנדיק ווערט געבאָרנ א סאָפעק, צי האָט שעכטמאנ גאָר פארשטאנענ, ווי גערונגענ ס'איז געווענ זײַנ אויסקלײַב פונ דער מילכ־קאָאָפּעראציע—דער עלעמענטארער פאָרמע פונ פּראָדוציר־אָפּזאצלעכער קאָאָפּעראציע—ווי דעמ ערשטנ רינגעלע אינ דער קייט פונ איבערגאנג־פאָרמעס צו די עכטע סאָציאַליסטישע פאָרמעס פונ לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט.

שעכטמאנס ערשטער בוכ איז ניט געוואָרנ קיינ אָרגאנישער טייל, קיינ עמעסער ערשטער טייל פונעמ ראָמאנ „פּאראקערטע מעזשעס“ מיט זײַנ באשטימטער אָנצילונג. די ערשטע קאפּיטלעכ פונ דעמ צווייטנ טייל (געדרוקט אינ זשורנאל „שטערנ“ אינ 1932 י.) באווײַזט ווי שווער שעכטמאנענ וועט אָנקומענ אפּ א נאטירלעכנ אויפֿנ אָנקניפּנ די ווײַטערדיקע געשעענישנ אָנ די שוינ געשילדערטע. די פּאָר אָפּגעדרוקטע קאפּיטלעכ פונ דעמ צווייטנ טייל זאָגנ, דוכט זיכ, איידעס, אז די האנדלונג פונ דעמ צווייטנ טייל איז כראָנאָלאָגיש אונ טעמאטיש אינגאנצנ אָפּגעריסנ פונ דעמ ערשטנ בוכ. עס פעלנ די פארבינדנדיקע איבערגאנג־עטאפּנ, וואָס האָבנ אויכ רעכט צו פּרעטענדירנ אפּ פולער אָפּשפּיגלונג. שעכטמאנענ וועט, אפּאָנעמ, אויסקומענ צו געבנ דידאָזיקע מאָמענטנ אינ ארײַנגעפירטע בײַ־עפּיזאָדנ, אָדער אָנקומענ צו א מינ „אָבלאָמאָווס כאָלעמ“. דאנ שטייט ער אָבער פאר א געפאר פונ, א געוויסער קינסטלערישער דיסהארמאָניע, די דיספּראָפּאָרצ צווישנ די איינצלנע טיילנ פונ זײַנ ווערק.

דאָס זײַנענ, לויט מײַנ מיינונג, די וויכטיקסטע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע בלויזנ פונ שעכטמאנס בוכ.

שעכטמאנס בוכ האָט א היפּשע צאָל באדײַטנדיקע מײַלעס אונ אויכ היפּשע כעסרוינעס. פאר שעכטמאנענ אליינ איז דער בוכ א גרויסער שריט פאָרויס, א באדײַטנדיקער דערפּאָלג. ער איז א קלאָרער באווײַז פונ שעכטמאנס אידעאָלאָגישנ איבערברוכ, פונ זײַנ דערנעענטערנ זיכ צו דער פּראָלעטאריש־סאָציאַליסטישער ליטעראטור. אליינ פאר זיכ גענומענ דארפ דער בוכ באגריסט ווערנ, ווי א פּרווו—פאנאנדערצוּוויקלענ א גרויסנ לײַוונט אונ אָפּצושפּיגלענ א ריי נאָכאנאנדיקע עטאפּנ פונ א פּראָצעס, וואָס דער פּראָצעס האָט אנ אלוועלטלעכע היסטאָרישע באדײַטונג. שעכטמאנ האָט אלע מעגלעכקײַטנ אויסצובעסערנ די געמאכטע פעלערנ דורכ פארטיפערנ די פּראָבלעמעס אונ פארפולקאָמענ די קינסטלערישקײַט פונ די ווײַטערדיקע טיילנ פונ זײַנ ראָמאנ.

6. „שטערנ“ נומ. 9.

# ביבליאָגראפיע

## נ. קאבאקאָוו

### א וויכטיקער אָנהייב, וואָס פארמאָגט אייניקע פעלערנ

(די הײַנטצײַטיקע פראָלעטארישע ייִדישע דיכטונג אינ אמעריקע — צונויפגעשטעלט
פונ ד. קורלאנד אונ פ. ראָכקינד, סעריע „ליטעראטור פאר דער שול“,
מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד, מינסק, 1932 י.)

דער נאָמענ אליינ רעדט שוינ וועגנ דעמ, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א בוכ, וועלכער דארפ באקאָנענ דעמ שילער אונ ביכלאל דעמ לייענער מיט דער הײַנטצײַטיקער פראָלעטארישער ייִדישער דיכטונג אינ אמעריקע. עס איז קלאָר, אז אזא ארבעט איז א דורכויס נוצלעכע אונ געווונשענע, ווײַל—אונ מע דארפ עס באזונדערס שטארק אונטערשטרײַכנ,—מיר האָבנ נאָכ גאָרנישט ניט געטאָנ אפ דעמ געביט. אונדזערע שול־קינדער האָבנ טאקע ניט קיינ לערנביכער, דורכ וועלכע זיי זאָלנ זיכ באקאָנענ מיט דער פראָלעטארישער אונ רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. קיינ שומ סאָפעק ניט, אז באקאָנענ די שול־קינדער מיט דער אויסלענדישער פראָלעטארישער ליטעראטור העלפט זייער שטארק דערציִענ די קינדער אינעמ גײַסט פונעמ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ, אונ דערפאר זײַנענ גערעכט די אווטערס, ווענ זיי שרײַבנ אינ דער פאָרעדע פונ בוכ, אז „אינ דעמ ביכל האָבנ מיר זיכ דעריבער געשטעלט א ציל—פארפילנ א וויכטיקנ בלויז פונ ליטעראטור־געביט אינ אונדזער שול, באקענענ די שילער מיט די שאפונגענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור אינ אויסלאנד“.

אינ דעמ בוכ „די הײַנטיקע פראָלעטארישע ייִדישע דיכטונג אינ אמעריקע“ איז פאָרגעשטעלט, אינ גרונט גענומענ, דער גרעסטער טייל ייִדישע פראָלעטארישע דיכטער פונ אמעריקע. דערבײַ דארפנ מיר אָנווײַזנ, אז עס איז ניט אָפגעהיט געוואָרנ די נייטיקע פראָפאָרצ באמ געבנ די ווערק פונ די דיכטער, אונ ניט אלעמאָל זײַנענ געגעבנ געוואָרנ די ווירקלעכ־בעסטע ווערק, וואָס וואָלטנ בעעמעס קענענ אמבעסטנ כאראקטעריזירנ דעמ אָדער יענעמ שרײַבער, אינ דעמ זינ האָט דער בוכ באשטימטע בלויזנ.

די אמעריקאנער ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור וואקסט מיט יעדנ יאָר, מיר האָבנ אינ אמעריקע א שטארקע אָרגאניזאציע פונ רעוואָליוציאָנערע שרײַבער „פראָלעטפענ“, מיר האָבנ דאָרט, אכוצ דער טעגלעכער קאָמוניסטישער צײַטונג „מאָרגנ־פרײַהײַט“, אויכ די זשורנאלנ „האמער“, „סיגנאל“. עס פירט זיכ א ברייטע ארבעט אפנ געביט פונ פראָלעטארישנ טעאַטער אונ קולטור. זייער גערעכט איז בעצלעל פרידמאנ, ווענ ער שרײַבט אינ „האמער“ (יונ 1932 י): „זינט דער גרינדונג פונ „פראָלעטפענ“ איז די פראָלעטארישע ליטעראטור געוואָרנ אלצ נעענטער צומ קאָנקרעטנ פראָלעטאריש־געזעלשאפטלעכנ אינהאלט“.

ווען מיר נעמען די טעמאַטיק פונעם גרעסטן טייל פּראָלעטאַרישע דיכטער אין אַמעריקע, זעען מירווירקלעך מאָטיוון פון פאַבריק, וועגן פאַרטיידיקן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, וועגן לענינען, וויכטיקע רעוואָליוציִאָנערע דאַטעס אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג א. א. וו.

ווי־זשע זײַנען פאָרגעשטעלט די ייִדישע פּראָלעטאַרישע פּאָעטן פון אַמעריקע אינעם ביכל, וועלכן מיר רעצענזירן?

לאָמיר נעמען צום ערשטן מוישע נאַדירן, וועלכער איז טאַקע פאָרגעשטעלט ניט שלעכט אינעם בוך. ער פאַרנעמט אינעם בוך דעם אָרט, וועלכן ער האַט ווירקלעך פאַרדינט אַלס איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער־קעמפער אין אַמעריקע. מוישע נאַדיר איז באַזונדערס שטאַרק אין זײַנע סאַטירעס. ער האָט אַ זעלטן שאַרפע, בײַסיקע פען און אַ דרייסטע, רײַכע פאַרשטענדלעכע שפּראַך. מוישע נאַדיר פילט, אַז יעדער ליד זײַנע דאַרף זײַן אַ פײַל דעם סוינע, דאַרף העלפן דעם אַרבעטער־קלאַס אין זײַן קאַמף קעגן דער בורזשואַזער אָרדענונג און ער אײַלט זיך אָפּרופן אַף אַלע אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמעס פון טאָג און אין דעם איז די שטאַרקײַט און וויכטיקײַט פון זײַן שרײַבן. מוישע נאַדיר האָט זיך פעסט געשטעלט אַף די פּאָזיציעס פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, געשטעלט אין אירע פאָדערשטע רייען, באַוואָפנט מיט דער פען, מיט דער צײַטונג, ווי מיט אַ ביקס. ער ווייס, אַז אינעם קלאַסן־קאַמף, וועלכער ברענט זיך פאַנאַנדער אין אַמעריקע און אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דאַרף ער זײַן ניט פון די לעצטע:

איצטער איז מײַן וועג אַ גלײַכער ווי אַ ווירע,<br>
און וואָס עס וואַרט, באַם סאָף, דאָך ווייס איך וויל—<br>
אָדער דורכגעריסן זיך מיט ציין און נעגל,<br>
אָדער... אַ קויל.

מוישע נאַדיר האָט פאַר דער לעצטער צײַט אָנגעשריבן אַ גרויסע פּאָעמע און נאָך אַ גאַנצע רײ זייער שטאַרקע רעוואָליוציִאָנערע לידער, וועלכע זײַנען געווען געדרוקט אין „מאָרגן־פרײַהײַט", „האַמער", „סיגנאַל", נאָר אינעם לייענבוך האָבן זיי נאָך ניט געקענט אַרײַן. מיר האַלטן, אַז עס וואָלט זייער קעדײַ געווען, ווען מע וואָלט בא אונדז אַרויסגעגעבן אַ באַזונדער זאַמלבוך פון נאַדירס פּראָלעטאַרישע און רעוואָליוציִאָנערע ווערק ניט נאָר פאַר די שילער, נאָר ביכלאַל פאַר אונדזערע אַרבעטער־לייענער.

אײַזיק פלאַטנער איז אינעם לערנבוך ניט פאָרגעשטעלט מיט זײַנע בעסטע לידער, וואָס קענען כאַראַקטעריזירן זײַן וווּקס אַלס רעוואָליוציִאָנערער שרײַבער (איבערהויפּט אין זײַנע לעצטע לידער, געשריבן שוין בא אונדז אין פ.ס.ס.ר.).

ערשטנס, זײַנען אַרײַן די לידער „אַרבעט", „איך ליב די אַרבעט", וועלכע באַווײַזן, אַף וויפל פלאַטנער גייט ניט ריכטיק צו, פאַרשטייט ניט דעם קלאַסן־אינהאַלט פון אַרבעט און באַזינגט די אַרבעט ביכלאַל, צושרײַבנדיק אַף אַזאַ אויפן דער אַרבעט עפּעס אַן איבערנאַטירלעכע שעפערישע קראַפט, ניט אַרויסגייענדיק פונעם כאַראַקטער פון די פּראָדוצירבאַציִונגען. פלאַטנער זינגט:

די אַרבעט איז פאַר מיר אַ ליד,<br>
יעדער קרעכץ פון ראָד—אַ טאָן,<br>
די אַרבעט-קראַפט—פון ליד דער זין.<br>
איך קלײַב באַגײַסטערט טענער אָן<br>
און זינג זיי אויס אַף דער מאַשין...

פלאַטנער האָט זײַן ליד „אַרבעט" געשריבן נאָך אין ליטע אין 1920 י., געדרוקט אין זאַמלבוך „וויספּע", אָבער דאָס איז דאָך ניט וויכטיק. באַם לייענען באַקומט זיך פון דער ליד אַן אײַנדרוק, אַז אין דער בורזשואַזער וועלט, אין די קאַפּיטאַליסטישע פאַבריקן איז

גאָלע באגײַסטערונג. איר האָט דאָ גאָרנישט וועגנ דעמ, וויאַזוי דער קאפיטאליסט עקספלואַטירט דעמ ארבעטער, עס באקומט זיכ. או פאר די ארבעטער אינ די קאפיטאליסטישע לענדער איז „די ארבעט—א ליד", א פרייד.

מיט איינ וואָרט—א אידיליע!.,

אונ אינ דער ליד, וועלכע טראָגט אזא וייכנ נאָמענ „איכ ליב די ארבעט", ווערט פּאָשעט אידעאליזירט די ארבעט אינ די קאפיטאליסטישע פאבריקנ:

איכ ליב די ארבעט אָנ א שיר—
ס'איז א פרייד בא מיר,
כ'בינ שטענדיק מונטער,
אז איכ ארבעט, איז מײַנ גײַסט געזינטער.
וועקינ זיכ געדאנקענ,
וועקנ זיכ פארלאנגענ,
מישט זיכ אויס מאשינענ־רויש מיט הארציקע געזאנגענ.
א וואָרמ דעמ קאָפּ,
א וואָרמ די הענט,
די פאטליע האָר—
די ארבעט ברענט—
סאָפּעט ברוסט
אונ אָטעמט פרײַ,
קלאפּט דאָס הארצ
אינ קלאפּערײַ
פונ האמערס אונ מאשינענ...

דאָ איז דאָכ אויסגעהוילט דער גאנצער קלאסנ־אינהאלט פונ ארבעט. עס איז דאָכ דאָס זעלבע, קעגנ וואָס קארל מארקס איז ארויסגעטראָטנ, קריטיקירנדיק דעמ פונקט פונ דער גאָטישער פראָגראמ, אינ וועלכנ עס ווערט געזאָגט, אז „די ארבעט איז דער קוואל פונ יעטווידער רײַכטומ אונ יעטווידער קולטור". קארל מארקס האָט געשריבנ: „א סאָציאַליסטישע פראָגראמ דארפ ניט דערלאָזנ, אז, באנוצנדיק זיכ מיט אזוינע בורזשואזע אויסדרוקנ, זאָל מענ אינגאנצנ פארשווײַגנ יענע באדינגונגענ, וועלכע בלויז זיי גיבנ זיי צו א זינ". עס קענ דאָכ ניט זײַנ, אז בא יעדער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג אונ צושטאנד פונ קולטורעלנ ניוואָ זאָל די ארבעט אונ די באציִונג צו איר זײַנ איינע אונ די־זעלבע. איינ זאכ איז ארבעט אפּ א קאפיטאליסטישער פאבריק, ווו די עקספּלואטאציע איז אנ אומגעהויער גרויסע—דאָרט איז די ארבעט א שווערער יאָכ פארנ ארבעטער. אונ גאָר אנ אנדער כאראקטער באקומט די ארבעט אינ די באדינגונגענ פונ פ.ס.ס.ר., ווו די ארבעט איז „די זאכ פונ ערע, די זאכ פונ רומ אונ העלדישקײַט" (סטאלינ). אינ אייניקע פלאטנערס לידער וועגנ ארבעט אינ די קאפיטאליסטישע לענדער באקומט זיכ אָבער, אז ס'איז גאָר קיינ קלאסנקאמפּ ניטאָ, אז ער איז בלויז „אויסגערופּ אונ געקרעפּטיקט איז זײַנ בלוט". מע דארפ אויכ זאָגנ, אז אינ דער ליד „ליידיקע הענט", וועלכע איז גאנצ שטארק, איז אָבער אויכ ניטאָ דער סאָציאַלער קאָנקרעטער האס, עס פילט זיכ אנארכישקײַט, בונטארישקײַט.

בא פלאטנערנ זײַנענ פאראנ גוטע לידער, וועלכע וואָלטנ זײַנ זייער אינטערעסאנט פאר שול־קינדער, ווי, צ. ב., די ליד „לעגינס טויט" א. אנד.

עס וואָלט גאָרניט שלעכט געווענ, ווענ מע וואָלט געגעבנ די ליד „צו די אנטלאָפענע" (אנ ענטפער ביאליקנ), דאנ וואָלט דער שילער באקומענ א בעסערע פאָרשטעלונג פונ פלאטנערנ אלס רעוואָליוציאָנערנ שרײַבער.

אכוץ דעמ ווילנ מיר אָנווײַזנ, אז מ'האָט פּאָשעט צעדרייט אייניקע לידער אזוי, אז דאָס וואָס נאָר פארפלאָנטערנ דעמ שילער, דעמ לערער אונ דעמ לייענער.

פון די שרײַבער, וועלכע זײַנען בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד מער באקאנט, איז א היפּש אָרט אָפּגעגעבן געוואָרן בלאָשטײנען, וועלכער איז פאָרגעשטעלט מיט א גרויסער צאָל רעוואָליוציאָנערע לידער, דורכגעזאפּטע מיט האס צו דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג און מיט ליבע צום סאָוועטנפארבאנד.

זייער גוט, וואָס עס זײַנען געגעבן געוואָרן אַלגינס פראגמענטן, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן הארציק, מונטער, שטארק און דורכגעזאפּט מיט די אידייען פון פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם. באזונדערס גוט איז דער פראגמענט „קאָמינטערן״:

שטייען אין קוילן־טונעל, דרײַ הונדערט פוס די טיפ, מיט עלעקטרישע
עקבערס אין האנט,
טאָם דער נעגער, סטעפאַן דער פּאָליאַק, דזשאָן דער „יאנקי״ און טאָזי
דער וואָפּ [1])

פון די ארגענטינער פּראָלעטארישע פּאָעטן זײַנען אכוץ בלאָשטײנען מער־ווייניקער פאָרגעשטעלט מוישע קופּמאַן, יאָסל גאָלדבערג, יאנקעוו פלאפּאַן — אלע דרײַ פעיִקע טאלאַנטפולע פּאָעטן־קעמפער, אין וועמעס לידער עס קלינגען מונטער די טענער וועגן דער גרייטקײַט קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאר א פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, פאר דעם אלוועלטלעכן אָקטיאבער:

אויך דאָ איז שוין די לופט פארסאמט מיט פולווער און מיט ציטער—
איז גרייט בין איך, גרייט, ווי אונדזער יעדער יאס.
(יאָסל גאָלדבערג).

אונדז דוכט זיך, אז עס איז א פעלער, וואָס צווישן קופּמאַנס לידער האָט מען ניט געגעבן קיין אויסצוג פון זײַן פּאָעמע „מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד״. בא אונדז, אין וו.ס.ס.ר., וואָלט דאָס זײַן באזונדערס אינטערעסאנט.

פון די איבעריקע אמעריקאנער פּאָעטן זײַנען שוואך פאָרגעשטעלט פענסטער, סאָרע בארקאַן.

די לידער פון פרי־פארשטאָרבענעם דיכטער בורשטאַק באווײַזן, אז מיר האָבן אין זײַן פערזאָן פארלאָרן זייער א פעיִקן שרײַבער.

אין זאמלבוך זײַנען ארײַן די לידער פון א. פריימאַן, מארטין, בארנבוים, ארן קורץ, קעניגשטיין, ווײַנטרויב, פרינץ, קריוויצקי, ל. גארעליק, א. ראנטש, ב. פרידמאַן, נאָכעם ווייסמאַן, פײַוול מעלצער, נ. ד. קארמאַן.

דער זאמלבוך האָט א ספּעציעלן אָפּטייל—סאטירע, אין וועלכן עס זײַנען פאָרגעשטעלט די שרײַבער: עסטער ראָזנטאל, א. קורץ, וויקטאָר, לייזעראָוויטש, יאָסל קאָטליאר, בלאָשטיין, נאדיר, באשמאל. דערדאָזיקער אָפּטייל איז זייער א שוואכער.

אינעם אָפּטייל „פאר ייִנגערע קינדער״, זײַנען ארײַן לידער פון יאָסל קאָטליער, סאָרע פעל־יעלין, פײַוול מעלצער. די לידער זײַנען אָנגעשריבן טאלאנטפול, רעוואָליוציאָניזירן די קינדער.

אינעם לערנבוך פעלן די לידער פון די פּאָעטן גרינשפּאַן, סאברין, וועלכע האָבן זיך איצט אומגעקערט אין דער פּראָלעטארישער ליטעראטור. עס איז אויך פאר דער לעצטער צײַט אויסגעוואָקסן דער יונגער דיכטער סול, וועלכער פארדינט אָפּגעצייכנט ווערן.

די קאָרעקטור פון בוך איז א שרעקלעכע. מיר האָבן אזוינע פעלערן, וועלכע פארפּלאָנטערן פּאָשעט דעם געדאנק. עמעס, צום סאָף האָבן מיר אייניקע אויסבעסערונגען, אָבער, ערשטנס, זײַנען דאָרט ווײַט ניט אלע דרוק־פעלערן אָנגעוויזן, און, צווייטנס, דארף

[1]) וואָפּ—א זידל־וואָרט א איטאליענער.

מענ געדענקענ, אז דער בוכ איז באשטימט פאר שול־קינדער, האָט מענ געדארפט זײַנ װאכזאמער אונ ניט דערלאָזנ אזעלכע זאכנ. עס זײַנעַנ אױכ ניט אומעטום ריכטיק איבער־געזעצט די ניט פארשטענדלעכע ענגלישע װערטער, די פעלערנ אינ בוכ זײַנענ באזונדערס שעדלעכ, אפ װיפל מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט קינדער, װעלכע מע מוז געבנ אופקלערנ יעטװידער װאָרט.

צום סאָפ דארפנ מיר אָנװײַזנ אפ א ניט ריכטיקער, ניט מארקסיסטישער אײַנשטעלונג, װעלכע עס װערט געגעבנ אינ דער פאָרעדע. דאָרטנ װערט געזאָגט:

> די פראָלעטארישע ליטעראטור האָט דעריבער ניט נאָר אנ עסטעטישע עמאָציאָ־נעל־אופװירקנדיקע באדײַטונג, נאָר אױכ א באדײַטונג פאר דער פאָזיטיװער דער־קענטעניש פונ דער רעאלער װירקלעכקײַט״.

באקומט זיכ, אז איבערהױפט האָט די פראָלעטארישע ליטעראטור א באדײַטונג אינ זינ פונ עמאציאָנעל אופװירקנ אונ דערנאָכ האָט זי אױכ א באדײַטונג „פאר דער פאָזיטיװער דערקענטעניש פונ דער רעאלער װירקלעכקײַט״. אונ מער גאָרנישט?

לענינ איז שטענדיק צוגעגאנגענ צו ליטעראטור אונ קונסט װי צו א געװער פונ קלאסנ־קאמפ.

אײנע פונ די גרונטלעכע באזונדערהײַטנ פונ דעמ דיִאלעקטישנ מאטעריִאליזמ באשטײט אינ דעמ, װאָס ער באטראכט דעמ באװוסטזײַנ ניט נאָר װי א פראָדוקט פונ דער װירק־לעכקײט אונ ניט נאָר װי א מיִפל אפ דערקענענ זיכ, נאָר אױכ װי א געװער אפ אקטיװ אופװירקנ, ארײַנמישנ זיכ אונ ענדערנ די װירקלעכקײַט. „דער באװוסטזײַנ פונ דעמ מענטשנ,—שרײַבט לענינ,—שפיגלט ניט נאָר אָפ די אָביעקטיװע װעלט, נאָר שאפט זי אױכ״ (לענינישער זאמלבוכ, 9, ז. 287). אונ דאָס האָט דער כ. ד. ק. אינ זײַנ פאָרעדע צומ זאמלבוכ פארגעסנ זאָגנ. עס איז בא אימ אינגאנצנ ארױסגעפאלנ דער װיכטיקסטער עלע־מענט—די אקטיװע ראָל פונ ליטעראטור.

אונ נאָכ א באמערקונג. אינ דערדאָזיקער פאָרעדע װערט געזאָגט (ז. 12) װעגנ מױשע נאדירנ, אז ער „באהערשט נאָכ ניט אינ דער געהעריקער מאָס דעמ פראָלעטארישנ מעטאָד״. װעגנ װאָס פארא „פראָלעטארישנ מעטאָד״ גײט דאָ א רײד? עס איז אינגאנצנ ניט קלאָר. ביכלאל ליגט אפ דעמ א שטעמפל פונ די פארבליבענע עקלעכ פונ דער ראפפישער יערושע.

מע דארפ אָפצײכענענ, אלס א פאָזיטיװע דערשײַנונג, דאָס, װאָס אינ בוכ איז געגעבנ א מער־װייניק פולע ביבליִאָגראפיע אונ א טעמאטישער צעטל. דאָס װעט גרינגער מאכנ דעמ שילער אונ דעמ לערער שטודירנ די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור פונ אמעריקע.

---

## מ. ליבערמאנ

(אי. קיפניס „זעליק דער ראדיסט״ אונ אנדערע דערצײלונגענ, צײכענונגענ פונעמ קינסטלער רױטמאנ. מאָסקװע, „עמעס״־פארלאג 1933 י. 72 זײַטנ, 1 רובל).

איציק קיפניס איז אײנער פונ די װיניציקע עכטע קינדער־שרײַבער אינ דער ייִדישער סאָװעטישער ליטעראטור. זײַנ װעג צו דער סאָװעטישער קינדער־דערצײלונג איז א װעג אנ אידעאָלאָגיש־שװערער, דורכ װאקלונגענ, װעלכע זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר א שרײַבער, װאָס גײט פונ רעכטנ פלאנג אינ דער סאָװעטישער ליטעראטור. אינ א רײ פונ זײַנע קינדער־װערק זײַנענ געקומענ צומ אױסדרוק די באלעבעסלדיקע שיכטנ, אָפט גאנצ טאקעפע, פונ דער קלײנשטעטלדיקער סװיװע, װי אשטײגער, די פערספעקטיװלאָזע קינדער־דער־צײלונג „אינ קלעמ״, צי די „טרױמערישע״ דערצײלונג „לאנע״ מיטנ באלעבאטיש טעכטערל, װי א מוסטערהאפטע „פיִאָנערנ״־פיגור.

מע דארפ זאָגנ, אז איציק קיפניס האָט איבערהויפּט גענומענ שטאָפ פאר זײַנע קינדער־שאפונגענ פונ דער קליינשטעטלדיקער באלעבעסלדיקער סוויווע, ניט אופהייבנדיק זיכ דערבײַ גאנצ אָפט איבער דער אידעאָלאָגיע פונ אָט דער סוויווע און ניט אופרײַסנדיק זי. דאָס געהערט, עמעס, ניט צו אלע קינדער־דערציילונגענ פונ יענעמ פעריאָד אפילע, אָבער כאראקטעריסטיש איז דאָכ פאר איציק קיפניסנ אפ יענעמ ערשטנ עטאפ פונ זײַנע קינדער־דערציילונגענ די באלעבעסלדיקע, נאציאָנאל־שאָוויניסטישע, נאציאָנאל־באגרענעצטע לעבנ־אידעאָלאָגיע.

מיטנ ביכל דערציילונגענ „זעליק דער ראדיסט" גיט זיכ קיפניס א קער צו אונדזער קינדער־דאָר, צו דער פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, צו דער סאָוועטישער פעדאגאָגיק.

קעריי צו שאפנ אנ אויסגעשפראָכנ סאָוועטיש קינדער־ווערק, האָט זיכ קיפניס געדארפט אָפּשטויסנ אינגאנצנ פונ זײַנ קרויוויִשנ קרײַז מענטשנ, מאטעריאל און געשעענישנ און זיכ א רוק טאָנ נעענטער צומ סאָוועטישנ שטייגער, צו די פראגעס פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג, צומ נײַעמ קינד, צומ נײַעמ מענטש מיטנ קאָמוניסטישנ קוק אפנ לעבנ. און ווירקלעכ, אינ א גרויסער מאָס מערקט זיכ שוינ דאָס נײַע אינ דעמ ביכל „זעליק דער ראדיסט".

ווי אינ דער דערציילונ „זעליק דער ראדיסט", אזוי אינ דער דערציילונג „וועדליק" און „פאָרליק" נעמט איציק קיפניס אלס שטאָפ פאר זיכ א מאָמענט פונ קאמפ פאר דער סאָציִאליסטישער בויונג—דעמ קאמפ קעגנ רעליגיע און רעליגיִעזע פאָרורטיילנ. אינ „סטעלמאהאָ" און „באקלערט" — די פראגע פונ געזעלשאפטלעכ־נוצלעכע ארבעט באמ פּיאָנער און שילער. אינ „כאָרעווע נעסטנ" הייבט אופ דער שרײַבער אינגאנצנ נײַע פאר אימ קינסטלערישע און אידייִש אָנגעזאפטע קלאסנ־פראָבלעמעס.

„אָרישקע" איז נאָכ פונ די דערציילונגענ, וואָס כוצ אייניקע געציילטע ווערטער פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, לעבט זי אינ צײַט פונ אינדיווידועלער באלעבעסלדיקײַט... די פויערימ לעבנ זיכ יעדערער פאר זיכ, מיט זייער האָב און גוטס. דאָסגלײַכנ אָרישקע מיט זײַנע פערד און אייגנטומ. עס גייט בלויז אינ דעמ, וואָס אָרישקע לערנט זײַנע פערדלעכ צירק־גומערנ. די פילאָסאָפיע, וועלכע איציק קיפניס אנטוויקלט שוינ גלײַכ אפנ ערשטנ זײַטל, אז „אָרישקע" איז א פראָלעטאריש פערדל, וואָס קומט אינ אנטאָגאָניזמ—צו די „איידל געפּאטשקעטע", אויסגעפּוצטע שטאָטישע צירק־פערדלעכ, מיט וועלכע עס דירידזשירנ „חערנ" א.א.וו., איז א נאיִווע „פילאָסאָפיע". א צווייטע זאכ איז די אידיי, וועלכע האָט דאָ געקענט זײַנ, ווי א הויפּט־אידיי, אז אינ דעמ ארבעט־פאָלק זײַנענ פארבאָרגנ טאלאנטנ, וועלכע געפינענ אינ אונדזערע סאָוועטישע באדינגונגענ זייער אנטפלעקונג און אויסדרוק. צומ באדויערנ איז דידאָזיקע אידיי אינ אזא מינ פאָרמולע ניט ארויסגעפירט און דעריבער קענ וועגנ איר ניט גערעדט ווערנ.

„זעליק דער ראדיסט" איז א סכעמאטישע דערציילונג. געבויט איז זי אפ אנ אײַנפאל פונ א יאטל, וועלכער ציט אָפּ—דורכ ארײַנשרײַענ אינ ראדיאָ־רופאָר אנ אנטירעליגיִעזע רעדע,—דעמ האָרעפאשנעמ שטעטלדיקנ אוילעמ פונ צו גיינ אינ בעסמעדרעש. דאָ ווערט באשטעטיקט דער פאקט, אז קעגנ רעליגיע דארפ מענ קעמפנ, נאָר דאָ איז ניט דערוויזנ: פארוואָס? פארוואָס דארפ מענ קעמפנ קעגנ דער רעליגיע, ווער זײַנענ די פרומאקעס גופע און וואָס פאר א קלאסנ־שיכט פירט אָנ מיט זיי?

פונקט אפ דעמזעלבנ אידעאָלאָגישנ אויפנ, אָנ דעמ „פארוואָס", איז געבויט די אנטי־רעליגיִעזע דערציילונג „וועדליק" און „פאָדליק". אויסער דעמ, האָט זיכ דאָ אָנגעמערקט דער אווטער געבנ דעמ קליינבירגערלעכנ האָרעפאשניק, אינ וועמעס הארצנ עס קעמפנ דער „וועדליק" און „פאָדליק", די צעצווייטע נאטור. דאָס איז זייער א שווערע אופגאבע. און די דערציילונג דערווײַזט, אז דער אווטער האָט זיכ אינ איר ניט דערהייבנ איבער דער אידעאָלאָגיע פונ דעמ קוסטאר־ציהעלניק. דער אינווייניקסטער קאמפ פונ מיכל דעמ ציהעלניק, אונטער דער ווירקונג פונ זײַנ קינד, בענצע שאָר, אינ דער ריכטונג פונ באַפרײַענ זיכ פונ די רעליגיִעזע פאָרורטיילנ, איז קינסטלעריש ניט דערוויזנ. דער כיינ פונ דער דערציילונג איז אינ דעמ, וואָס איציק קיפניס שטעלט אנטקעגנ צוויי קעגנזעצלעכע דוירעס: דעמ קליינעמ באָנצע שאָר, וואָס האלט זיכ שוינ פאר א גרויסנ, און זײַנ אלטנ טאטנ מיכל, וועלכער מאכט זיכ קינדיש.

אזא מין מעטאָד פון קינסטלערישער אופווירקונג, אנטקעגנשטעלנדיק דווירעס, ווערט אָנגעווענדעט אויך אין דער דערציילונג „סטעלמאהאָ“. ליגנדיק אין גרונט אן איינפאכן סיוזשעט, וויאַזוי פּיאָנערן ליקווידירן די אמעראצעס באם אלטינקן קאָלווירט־פאסטעך „סטעלמאהאָ“, ווערט די גרעסטע אופמערקזאמקייט אָנגעווענדעט אפ צו באווייַזן דעם מוזיי־עקזעמפליאר „סטעלמאהאָ“, ווי א טיפּ, וועלכער איז געווען א לעבן פארקנעכטעטער באם פּאָרעצ, און אין סיפן עלטער מיט זייַנע אלטע האסאָגעס און באגריפן קומט איס אויס אופצונעמען דאָס נייַע, וואָס איז אופגעקומען אין פּראָצעס פון דער רעוואָליוציע. דידאַזיקע מאָמענטן זייַנען דאָ זייער אינטערעסאנט געגעבן, זיי ווערן אונטערגעשטראָכן מיט דעם, וואָס „סטעלמאהאָנ“ שטעלט דער אווטער אנטקעגן דעם פּיאָנער מיטן רוימען האלדזטוכ.

א דערציילונג אָן גרויסע פּרעטענזיעס איז „באקלערט“. עס גייט א רייד וועגן א שילערן, וועלכע וויל מיט אלעמען גלייַך אריַינטראָגן איר כיילעק אין דער מעלוכישער האלוואָע־קאסע און קען עס ניט, איבער דער געענגטער מאטעריעלער לאגע פון די עלטערן. זי געפינט אן אויסוועג. זי אָרגאניזירט די גאנצע קינדער־מאסע רייַסן קראָפּעווע און די אויסגעלייזטע געלט פאר דעם ווערט אָפּגעגעבן דער מעלוכע. די גליקלעכע באַפרידיקונג פון דעם קינד פאר זייַן געזעלשאפטלעך־נוצלעכן אופטו געפינט איר אויסדרוק אין דער דערציילונג.

אויב די אלע דערציילונגען, וועגן וועלכע עס איז אויבן געגאנגען א רייד, זייַנען קינסטלעריש ניט גאָר שטארק, מיט וואָס עס דערקלערט זיך די ווייניקע אידעאָלאָגישע באהעפטונג פון דעם אווטער צו די פּראָבלעמעס, וועלכע ער האָט דאָרט געוואָלט אופהייבן, האָבן דאָך די דערציילונגען פאר אונדז א גרויסן ווערט. ערשטנס, מיט דעם, וואָס זיי ווייַזן דעם שרייַבערס שטארקן ווילן צו נעמען וויכטיקע פּראָבלעמעס פון אונדזער קינדער־דערציִונג און מערקן אָן א גרויסן אידיייִשן ווּקס און, צווייטנס, מיט דעם, וואָס די דערציילונגען וועלן דאָך זייַן נוצלעך, ווי א פארווייַלונג־לייענשטאָף, ווייַל יעדערע פון זיי איז געבויט אפ אן אינטערעסאנטן אייַנפאל, פארמאָגט הומאָר און פריילעכקייַט און וויל דערציִען דעם קינד צו אונדזער קאמף.

גאָר פון אן אנדער שניט איז די דערציילונג „כאָרעווע נעסטן“. „כאָרעווע נעסטן“ וואקסט אריבער אין א קליינעם אידיייִש־אָנגעזעטיקטן, קינסטלעריש־פארכאפנדיקן קינדער־ראָמאן. דאָס לעצטע איז אויך כאראקטעריסטיש פאר קיפּניסן אלס שרייַבער. איציק קיפּניס אין זייַנע קינדער־ווערק איז באזונדערס שטארק געווען דאָרט, ווו ער האָט זיך געסטארעט צו באהערשן די געפילן־וועלט פון דעם יונגן לייענער. „כאָרעווע נעסטן“ איז א טראגישע געשיכטע, וועלכע מאָביליזירט אָבער און ניט דעמאָביליזירט. וואָס דערציילט דידאָזיקע מערקווירדיק־אָנגעשריבענע געשיכטע?

די דערציילונג ווערט געגעבן אין נאָמען פון זיך, אין פאָרם פון זיכרוינעס. דער אווטער באקומט קינדווייַז א הארציקן רוסישן כאווער לוקיאַן. ביידע 10־יאָריקע קינדער. זייערע טאטעס ווערן פארטריבן דורך דער צארישער מאכט אפ דער אימפּעריאַליסטישער שכיטע. דאָס דאָרף, ווו לוקיאַן וווינט, ווערט בארויבט און צוגענומען פון דעם פּאָרעץ און אָט אפ דעם פּאָן פון דער צארישער בארבארישער ווירקלעכקייַט ווערט זייער גוט געמאָלט דער אָרעמער שטייגער פון די האָרעפּאשניקעס, דאָס לעבן פון די 2 געבריִדערטע כאווײרים—פון דעם יִדישן און רוסישן יִנגלעך. אין דער דערציילונג ווערט אופגעריסן פון אונדזערע פּאָזיציעס, דער פינצטערער כיידער מיט זייַן שמוץ, קלעריקאליזם און אנטיווויסנשאפט, און די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, ווי א שוידערלעכע בורזשואזע אָנשיקונג פארן ארבעט־פאָלק, ווי א מילכאָמע א שאָוויניסטישע, וועלכע מע דארף פאר־וואנדלען אין א קלאסן־מילכאָמע. די שטארקע, עכטע כאווערשאפט פונעם יִדישן און רוסישן יִנגלעך דערציִען דעם לייענער אין אינטערנאציאָנאלן גייַסט. די געשעענישן, שטייגער־בילדער זייַנען דאָ אָנגעמאָלט מיט טיפן פארשטאנד פארן קינדס געפילן, מאָביליזירנדיק דידאָזיקע געפילן אינגאנצן לעטוווּעס דעם אונטערדריקטן און קעגן דעם אונטערדריקער. די קינסטלערישע מיטלען זייַנען דאָ גאנץ אינטערעסאנטע. קעדיי בולעטער

באַווײַזן די אוולעס פון דער צאַרישער רעגירונג, ווערט געמאָלט דאָס לעבן פון דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג, אַרויספירנדיק אויך די קלוימערשטע „ליכטיקע“ מאָמענטן, וועלכע דער האָרעפּאַשנער פויער און זײַן קינד האָבן געכאַלעמט אויסגעפינען אין דעם אָרעמען לעבן בא די צאַרישע באַדינגונגען. און אָט די קליינלעכע שטייגער־שטרעבונגען ווערן איבערגעוואָקסן אין איין גרויסער און אַלגעמיינער קלאַסן־שטרעבונג אַראָפּצוּוואַרפן די בלוטיקע הענקערס און אײַנשטעלן די מאַכט פון די אַרבעטער און פויערים.

א באַזונדערן עפעקט דערגרייכט דער אווטער אין דער דערציילונג, ווען ער באַווײַזט, ווי די אַלע קלאַסן־געשעענישן ווירקן אַף די קינדער—די הויפּט־העלדן פון דער דערציי־לונג, און ווען מע לייענט צום סאָף דערציילונג לוקיאַנס רייד, וויאַזוי ער רעאַגירט אַף דעם, וואָס דער פאָרעץ האָט צעשטערט זײַן היים, מיט אַזעלכע ווערטער: „דו מיינסט,— זאָגט ער (לוקיאַן—מ. ל.), — אַז מיך אַרט פאַר אונדזער שטוב? ערשט בעסער, וואָס זיי האָבן אונדז צעוואָרפן די שטוב, ערשט בעסער, וואָס זיי האָבן געשלאָגן אונדזער מאַמען, איצט וועל איך זיי ערשט פײַנט האָבן ווי ס'געהער צו זײַן“, פילן מיר אין די ווערטער, ווי שטאַרק דער פאַרדראָס איז פונעם קינד פאַר דעם, וואָס מע האָט איבער אים אַזוי זיך זדיעקעוועט.

אין דער דערציילונג איז אַלץ דערעדט, ניטאָ קיין פרײַע ערטער פאַר אויסטײַטשונגען, אַלץ קינסטלעריש מאָטיווירט. די דערציילונג הייבט אויף פאַרן קינדער־לייענער א שטיק לעבן פון פאַר דער רעוואָליוציע, וועלכע איז נאָך קימאַט ווי ניט פאַרטראָטן אין דער ייִדישער סאָוועטישער קינדער־ליטעראַטור, אין דער שײַן, ווי דאָס איז דאָ געגעבן געוואָרן.

* * *

ווען מיר קריטיקירן א קינדער־ווערק, קענען מיר ניט צוגיין מיט דערזעלבער מאָס, ווי צו אַלגעמיינע ליטעראַרישע ווערק. דער שרײַבער און אויך דער קריטיקער פון א קינדער־ווערק דאַרפן נעמען אין אַכט די באַזונדערקײַטן, וועלכע עס פאָדערן זיך פון א קינדער־ווערק.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ איז ניט גילטיק די מאָס פון צופּאַסונג.

איציק קיפּניסעס בוך דערווײַזט, אַז דער אווטער קריכט אַרײַן אין הויט פון זײַן קליינעם לייענער, האָבנדיק שטענדיק פאַר זײַנע אויגן דעם עלטער פאַר וועמען ער שרײַבט. דאָ מעגן זיך אונדז אָפּט אויסווײַזן געוויסע ערטער פאַר סענטימענטאַל, נאַיִוו, אָבער די וויכקײַט און האַרציקײַט פון די דערציילונגען איז גראָד ניט קיין כעסאָרן.

אָפּגעהיטער מוז אָבער קיפּניס זײַן אין זײַן שפּראַך.

אין אונדזער שפּראַך זײַנען פאַראַן אָן א שיר אָנגענומענע באַגריפן און קאַטעגאָריעס, וואָס ווען מע זאָל זיי פאַנאַנדערגלידערן ווערטערווײַז, באַקומט זיך ניט די פאָרשטעלונג, וועלכע זיי גיבן לויט דעם, ווי ס'איז אָנגענומען. אין דער פּעדאַגאָגיק הערשן וועגן דעם פאַרשיידענע מיינונגען. מיר האַלטן זיך בא דער מיינונג, אַז עס איז נייטיק א געוויסע פאָרזיכטיקײַט באַם אָפּקלײַבן אַזוינע אויסדרוקן, ביים מע גייט עס צוטראָגן דעם יונגן לייענער. עס פאָדערט זיך, לויט אונדזער מיינונג, ווערטערלעכע אַרײַנגעטראַכטקײַט באַם בויען פאָרשטעלונגען. ווי פאַרן שרײַבער, אַזוי פאַרן קריטיקער פון א קינדער־ווערק שטייט די אויפגאַבע צו טראַכטן איבער דעם.

און דאָ שטעלט זיך באַזונדערס שאַרף די פראַגע פון טראַקטירן העלדן דורך זייער שפּראַך. פאַראַן דאָך פיל אַזעלכע שרײַבער, וועלכע האַלטן, אַז באַם שילדערן א מענטשן פון דער אַלטער וועלט מעגן אין זײַן מויל אַרײַנגעלייגט ווערן קלעריקאַלע, אַלטע, שאָוויניסטישע, בורזשואַזע אויסדרוקן, מיט איין וואָרט—אַלע פערלען, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס די שפּראַך פון אונדזערע זיידעס, די שפּראַך פון די הײַנטיקע קלאַסן־סאָנים, וואָס פאַרקאָנסערווירן די אַלטע בורזשואַזע זיידעס־קולטור.

ניט מיט אלץ דארפן מיר באקאָנט מאכן אונדזער יונגן לייענער בא זײַן עלטער־צײַט, ווען דער געפיל פון נאָכמאכן און נאָכזאָגן, ווען די ניט־שטאנדהאפטיקײַט אין אופֿווירקונג איז זייער שטארק פארטראָטן באם קינדער־עלטער. די געפאר פון פארטראָגן באם קינד דאָס נעגאטיווע, באזונדערס אין אויסדרוקן, איז זייער גרויס. מיר האלטן, אז פארענטפערן זיך מיט דעם, וואָס דאָס קינד טרעפט זיך אין לעבן סײַוויסײַ מיט אזעלכע מענטשן און מיט זייער שפראך, איז ניט קיין ריכטיקער טעזיס. פיל שלעכטס איז פאראן נאָך אין אונדזער לעבן. מיר ראָטן עס אויס דורך פארשיידענע מיטלען. און איינע פון די וויכטיקסטע פעדאגאָגישע מיטלען אפ דערציִען באם קינד די אָדער יענע מידעס אָדער אָפגעווינען פון שלעכטע געוווינהײַטן—איז דאָך אויך דער מעטאָד פון קלוימערשטן איגנאָרירן.

די פראגע פון שפראך איז א קלאסן־פראגע און מיר טאָרן ניט אזוי לײַכטזיניק זיך באציִען צו דעם באצירק פון קלאסנקאמף. וואָס פאר א ווערט קען האָבן פאר אונדז דאָס ווערק, וועלכער שילדערט א רעוואָליוציאָנערע געשעעניש און איז אָנגעשריבן מיט דער שפראך פון טײַטש־כומעש? אזא ווערק באקומט א פארקערטע קוואליטעט און קען אָפט דינען די אינטערעסן פון דעם קלאסן־סוינע.

איציק קיפניס שעפט זייער פיל פון דעם פאָלק־וואָרט. דאָס איז זייער גוט, ווען פון דעם קוואל זאָל גענומען ווערן אלץ, וואָס איז נאָענט דעם פראָלעטאריאט. עס איז אָבער זייער שלעכט, ווען פון דאָרט ווערט ארויסגעצויגן דאָס קלאסן־פרעמדע. אין „וועדליק און פאָדליק" ברענגט דער אווטער אזעלכע פערלען:

„סאָמער וויל אים באַנטשיק עפעס א פרעג טאָן בעשאס ער דאוונט — ענטפערט ער אים:

— נו, אָ.

און דער אווטער גיט צו פון זיך:

איינער מיינט: אוועק, ש ײ ג ע צ, מע טאָר ניט איבערשלאָגן".

דערזעלבער ציהעלניק רופט גוטמוטיק אָן זײַן זון „בײַסטרוקל". אז מע וויל ארויספירן א טיפ, איז ניט שײַעך! אָדער עס ווערן געבראכט אזעלכע „פעדאגאָגיש־אויסגעהאלטענע" אויסדרוקן:

— „אנו, נעווײַלע, אפ דיר א שווארציאָר" (זע דאָרטן).

ביכלאל, די באציִונג צום וואָרט אין א ליטעראריש ווערק, ווו אלץ ווערט דאָך געבויט פונעם וואָרט־מאטעריאל, מוז זײַן א גוואלדיק ערנסטע. אין „כאָרעווע נעסטן", צ. ב., דאָרט, ווו איציק קיפניס דערוועקט דעם טיפסטן מיטגעפיל צו לוקיאנען, וועלכער האָט אזוי שטארק געליטן פון פריצישן ווילקיר, באקרוינט דער אווטער דעם העכסטן מאָמענט מיט אזא מין זאצ:

„ער איז סײַוויסײַ ניט געווען קיין געזונטער, לוקיאן, און איצט איז ער שוין גאָר אזוי ווי א פ ע ג י ר ע".

ווי עס פאטערט דעם בילד דער איין שלעכטער אויסדרוק „פעגירע"!

* * *

צום סאָף מוזן מיר זאָגן: „כאָרעווע נעסטן" באווײַזן דעםווירקלעכן איבערבוי פון קיפניסן אין דער ריכטונג פון קאָמוניסטישער קינדער־דערציִונג דורך קינסטלערישע ווערק. מיט „כאָרעווע נעסטן" האָט זיך קיפניסן אײַנגעגעבן, אינטערפרעטירנדיק א געשיכטלעכע טעמע, אגיטירן פארן סאָציאליסטישן הײַנט און הויפטזעכלעך מאָטיווירן די ריכטיקײַט פון דעם גרויסן אָקטיאבער. איצט שטעלט זיך פאר קיפניסן די אויפגאבע מיט נאָך א גרעסערער קראפט אויפהייבן פארן קינדס פארשטאנד, פאנטאזיע און געפילן א רײ וויכטיקסטע טעמעס פון אונדזער קאָנקרעטן הײַנט.

---

## א. דאמעסעק

(ל. קוויטקאָ—„יונגע בויערס“. (מעלוכע־פארלאג פאר די נאציִאָנאלע מינדערהײַטנ אינ או.ס.ס.ר. כארקאָוו—קיִעוו, 1932 י„ 240 ז.)

ל. קוויטקאָ האָט אָנגעהויבנ שרײַבנ פאר קינדער שוינ אינ די ערשטע יאָרנ נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. זײַנע ערשטע לידער זײַנענ, עמעס, ארײַנגעגאנגענ אינ אלע יִידישיסטישע כרעסטאָמאטיעס, ער האָט זיכ אָבער אינ זײַנ שאפנ אינ גרונט אונטערגעשיידט פונ דעם נאציִאָנאליסטיש־יִידישיסטישנ שטראָם אינ דער קינדער־ליטעראטור. ער האָט ארײַנגעבראכט רעאליסטישע געזונטע קינדער־מאָטיווג, ער האָט געגעבנ נאטור־לידער, לעבעדיקײַט אונ לוסטיקײַט פונ קינדערשנ האוועג, פונ א זעלבשטענדיקער קינדערשער סוויווע.

אינ דעם איז באשטאנענ דאָס נײַע, וואָס קוויטקאָ האָט ארײַנגעבראכט אינ זײַנע קינדער־לידער. עס איז אָבער געווענ א צווייטע זײַט פונ דער מאטבייע: קוויטקאָ איז געווענ אפאָליטיש אינ זײַנ קינדער־שאפנ, ווי ער וואָלט זאָגנ, אז פאָליטיק איז ניט פארנ קינדערשנ באנעמענ, דאָס ווידערשפרעכט די נאטירלעכע אינטערעסנ פונ קינד.

פונ דעמראָזיקנ פעריִאָד זײַנענ אינ דער לידער־זאמלונג „יונגע בויערס“ ארײַנ די לידער „מורמלט זיכ א ריטשקעלע“, „דאָס קעצעלע“, „סעדער“ אונ אנד. פארבײַגײענדיק איז נייטיק אָנווײַזנ אפ פאָלגנדיקנ פאקט: „סעדער“ איז געווענ א טיפישע ליד, וואָס שילדערט קינדערשע שטיפערישקײַט פונ שטעטלדיקע ייִנגלעכ, וועלכע האָבנ געקענט עסנ פרוכט צו זאט נאָר ווענ זיי האָבנ זיכ ארײַנגעגאנוועט אינ באלעגופישע סעדער. קוויטקאָ האָט אָט דעם מאָטיוו געענדערט אינ דער זאמלונג אפ א הײַנטצײַטיקנ מאָטיוו פונ קאָלווירטישנ לעבנ. דידאָזיקע אפליקאציע, די נעט זײַנענ אינ דער ליד געוויינלעכ קענטיק, דאָכ איז דאָס כאראקטעריסטיש פארנ איצטיקנ קוויטקאָ, בא וועמענ די פאָליטיזירונג איז געוואָרנ אנ אָרגאנישער טייל פונ זײַנ איצטיקער קינדער־דיכטונג. אגעוו, איז ניט פארשטענדלעכ, פארוואָס איז די מאָלערישע איליוסטראציע צו דער ליד אינ גײַסט פונ דעם פריִערדיקנ אינהאלט.

„יונגע בויער“ שפיגלט ברייט אָפ דאָס לעבנ פונ סאָוועטישנ קינד. פונ וועלכנ עלטער?—דאָס איז אלציינס: אונדזער סאָוועטיש קינד הייבט אָנ זײַנ באוווסטזיניקנ לעבנ פונ אָקטיאבערל־עלטער. אָט נעמט „שלאָגלערס“, „רויטער אָבאָז“, „פארזאמלונג“, „רויטע ארמיי“ אונ נאָכ, אונ נאָכ,—צי זײַנענ דאָס ניט געוואָרנ קיינ אלגעמיינ־באקאָנטע באגריפנ, וואָס זײַנענ ארײַנגעוואקסנ אינעם שטייגער אויכ פונ אונדזער דריטנ דאָר. די קינדער־דיכטונג דארפ מאכנ נאָכ פינקטלעכער די אלגעמיינע פאָליטישע באגריפנ פארנ באוווסטזײַנ פונ קינד, דארפ מיטהעלפנ דער קאָמוניסטישער דערציִונג. קוויטקאָנ גיט זיכ אײַנ אינ א ריי לידער קינסטלעריש אויספאָרמירנ דידאָזיקע באגריפנ פארנ קינדערשנ פארשטיינ. אזוי, צ. ב., „מאָלנ“, „יאָנטעוו“, „ריטשקעס“ אונ אנד., ווו דער דיכטער ווײַזט נײַעם קינדער־שטייגער אינ לעבנ פונ קינר, אינ זײַנ שפילנ, אינעם לערנענ.

ניט אומעטום געפינט קוויטקאָ די פאסיקע בילדער אונ אויסדריק־מיטלענ אפ איבערגעבנ דעם קאָמפליצירטנ אינהאלט. אינ א ריי לידער איז קוויטקאָ ווערבאל, שווערגעוויכטיק, סכעמאטיש. אזוי, אשטייגער, איז אינ דער ערשטער ליד, מיט וועלכער ס'הייבט זיכ אָנ די זאמלונג—„א ליד פונ שלאָגלער“, איז צוגלײַכ מיט אזעלכע אפאָריסטישע סטראָפעס:

„ניטאָ אזא ארצ,  
וואָס זאָל ברעקלענ דײַנ צאם,—  
גרייפ אָנ“.

געפינענ מיר אויכ שורעס שוועריע, קימאט אומפארשטענדלעכע, אָדער באנאלע, צ. ב.:

„די ערר צסקנעס,  
אפסנײַ זי ביס.  
פאר נײַעם מענטש  
די וועלט צעשליס“.

אינ א רײ לידער געלינגט קוויטקאָן צו איבערגעבנ קינסטלעריש ארבעט־פּראָצעסנ („פישפאנג“, „ברוקירער“ אונ אנד.). באזונדערס רײַכ איז קוויטקאָ אינ די נאטור־בילדער. ער ווײס צו שילדערנ פיל מאָמענטנ פונ קינדערשער פרײד („רעגנלאָזע צײַט“, „גאנצפרי“, „הארבסט“, „פרי־יאָר“ אונ אנד.). דערבײַ איז בא אימ אלע מאָל א נײַ־באמערקטער שטריכ, אנ אײגנארטיק בילד אינ א לעבעדיקער, נײַער, פולבלוטיקער שפּראכ. נאָענט צו פעמ זײַנענ די לידער פונ די פרײדיקע קינדערישע שטיפערײַענ פונ דער הײמישקײַט מיט דער כײַעס־וועלט. אינ פיל לידער טרעפנ מיר אנ אײגנארטיקנ שפּילעוודיקנ ריטמ, צוגעפּאסט צומ אינהאלט פונ ליד („ברוקירער“, „צומ לאגער“ אונ אנד.).

גלײַכצײַטיק איז נײטיק אָנווײַזנ אפ אײניקע פעלערהאפטע לידער, וועלכע האָבנ ניט געדארפט אײַנגעשלאָסנ ווערנ אינ דער זאמלונג. מיר האָבנ דאָ אינ זינענ „בוהײַ“, ווו דער אָקס ווערט געשילדערט ניט ווי א נוציקע שטוב־כײַע, נאָר ווי עפּעס א צענטאוור, וואָס דינט דעמ אווטער פאר א וויציקנ סיוזשעט. אזוי דערגרײכנ ניט דעמ ציל אויכ די לידער „סאניטארנ“, „געלערנט“. די סאטירע אפ די קינדערשע כעסרוינעס, די היפּערטראָפיע פונ די פעלערנ זײַנענ ווײַט ניט געשילדערט מיט פעדאגאָגישע מיטלענ, זײ קענענ פארקערט, ווירקנ נאָכאמעריש אפ די קינדער.

„יונגע בויערס“ שפּיגלענ אָפּ קוויטקאָס באדײַטנדיקנ טאלאנט פונ א קינדער־דיכטער. קוויטקאָ האָט זיכ איבערגעבויט אינ זײַנ קינדער־דיכטונג אפנ וועג פונ פארשארפטער פּאָליטיזירונג אונ אידײיִשער פארטיפונג. פונ דעמ האָט זײַנ טאלאנט בלויז געוווּנענ, דאָס איז אויכ דער וועג פונ זײַנ ווײַטערדיקער פארפולקאָמונג.

* * *

מיר האָבנ פאר דער לעצטער צײַט געהאט א גאנצע רײ ארויסזאָגונגענ וועגנ די אופגאבעס פונ דער סאָוועטישער קינדער־ליטעראטור (די ארטיקלענ פונ מ. גאָרקי, קרופּסקאיא, ליאדאָווע אינ „פּראוודא“). מיר האָבנ לעצטנס די באשלוסנ פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) „וועגנ פארלאג פונ קינדער־ליטעראטור“, וואָס הײבט אופ א רײ גרונט־פּראָבלעמעס פונ דער קינדער־ליטעראטור. מע דארפ אָבער זאָגנ, אז אינ ײדיש איז מענ נאָכ קימאט ווי ניט צוגעטראָטנ צו באארבעטנ דידאָזיקע פּראגעס. קינדער־ליטעראטור ווערט זעלטנ רעצענזירט. די פעלערנ אינ דער פארלעגערישער ארבעט פונ די קינדער־אויסגאבעס גײענ בא אונדז דורכ אומבאמערקט. עס איז נײטיק, אז די ײדסעקציעס בא די אָרגקאָמיטעטנ פונ די שרײַבער זאָלנ מיט דער גאנצער ערנסטקײַט באהאנדלענ דידאָזיקע פּראגעס, שאפנ א ברײטנ מײנונג־אויסטויש וועגנ דעמ צושטאנד פונ אונדזער קינדער־ליטעראטור אונ סטימולירנ די שרײַבער צו שעפערישער פּראָדוקציע אפנ געביט פונ קינדער־ליטעראטור.

---

## ד. ראמאנאווע

(גאָרדאָנ ע. — „אינ א נײַער פעל“. אוקרנאצמינד“ 1933 י., 42 זײַטנ. ביבליאָטעק „סערפּ אונ האמער“)

די טעמע וועגנ קאמפּ מיט די קרעמעריש־ספּעקוליאנטישע עלעמענטנ, וואָס זײַנענ דורכגעקראָכנ אינ די ײדישע איבערוואנדערונג־קאָלעקטיוונ דעמאָלט, ווענ זײ האָבנ זיכ נאָכ געהאלטנ אינ בויענ, איז דורכנ אווטער ווארײַרט געוואָרנ אינ זײַנע גרעסערע אונ קלענערע דערציילונגענ.

די דערציילונג „אינ א נײַער פעל“ איז אונטערנ נאָמענ „אינ א צווייטער הויט“ געווענ געדרוקט אינ דער זאמלונג פונ דעמזעלבנ אווטער „אפ גרינער ערד“. אינ דער נײַער אויסגאבע פונ דער ביבליאָטעק „סערפּ אונ האמער“, וועגנ וועלכער מיר רײדנ איצט, איז די דערציילונג איבערגעארבעט געוואָרנ.

דאָ ווערט געוויזנ ווי בענצי־מייער קאפלונ, דער סויכער פונ באקאליי־געשעפט, זײַענדיק ארויסגעשטויסנ, דורכ דער רעוואָליוציע, פונ זײַנע פריִערדיקע עקאָנאָמישע פאָזי־ציעס, שמוגלט זיכ דורכ אינעמ איבערוואנדערער־קאָלעקטיוו אונ זעצט דאָרט פאָר זײַנ עקספלואטאטערישע פאָליטיק. ער וואקסט ארומ מיט א גרויסער ווירטשאפט פונ פערד, בעהיימעס, כאזיירימ, אויפעס, ער בויט אויס די ערשטע אונ די שענסטע שטוב אינעמ יִשעוו, אונ דאָס אלצ ווערט געטאָנ אפנ סאמע כוצפעדיקנ אויפנ. בענצי־מייער דערלויבט זיכ אפילע פאָרוועצנ זײַנ אמאָליקע טאקטיק אויכ בענעגייע די מענטשנ פונ קאָלעקטיוו. אזוי, אשטייגער, לייגט ער זיכ שלאָפנ באנאכט אינ סטעפ אונ לייגט פאָר, לויט זײַנ אלטער געוווינהײַט, זאוול קרוטשנ, וואָס האָט אינ דער אלטער היימ געדינט בא אימ אלס א שוימער, היטנ די פערד.

דעמ אווטער גיט זיכ דאָ אײַנ נאָכ בעסער, ווי אינ די פריִערדיקע דערציילונגענ, צו אָפמאָלנ דעמ עקספלואטאטערישנ טאָכ פונ אָט דעמ מינ „ערד־ארבעטער“, זײַנ גיכנ אונ גרינגנ צופאסנ זיכ צו די נײַע באדינגונגענ, זײַנ פלינקנ אָריִענטירנ זיכ אינ די אומשטענדנ, אונ די פעיִקײַט אונטערווארפנ אָט די אומשטענדנ זײַנ רויבעריש־באלעגופישער אָנזאמלונג־פאָליטיק.

זאוול קרוטשנ, אָט דעמ ערלעכנ שטעטלדיקנ האָרעפאשניק, האָט דער אווטער געשילדערט שטארקער פונ וואָוועס כינקעסנ פונ זײַנ בוכ „ווילדגראָז“. זאוול קרוטש, ווי אויכ דער גאנצער יִשעוו, זעט אונ פארשטייט, אז בענצע־מייער גייט ארײַנ אינ א צווייטער פעל, אז ער ווערט א קולאק, מע האָט אימ ארויסגעטריבנ פונ איינ נאָרע, איז ער ארײַנ אינ דער צווייטער. דער אווטער ווײַזט אָבער ניט, ווי עמעצער פונעמ יִשעוו זאָל אָנעמענ וועלכע עס איז מיטלענ צו אָפשטעלנ אָט דאָס גיכע צעוואקסנ זיכ פונ בענצע־מייערס באלעגופישער ווירטשאפט.

„זאוול טראָגט שוינ לאנג א הארצ אפ בענצע־מייערנ, זײַנ געוועזענעמ באלעבאָס, א הארצ א פול מיט רעציכע אונ מיט פײַער, ער קאָנ אימ אָבער ניט דערנעמענ, בענצע־מייערנ, ווי א פײַער, דערנעמט ניט א נאסע דראבינע“. עליע גאָרדאָנ ווײַזט אונדז נאָר דעמ קאעס, דעמ האס, וואָס זאוול טראָגט אפ זײַנ עקספלואטאטער, ער ווײַזט אָבער ניט זאוולענ דעמ האָרעפאשניק בא קאָנקרעטע טאטנ בענעגייע זײַנ געוועזענעמ באלעבאָס אונ בלוטזויגער. נאָכמער, דער אווטער דערציילט, אז זאוול קרוטש איז פיל מאָל געגאנגענ אינ שטאָט ארײַנ,—ער האָט געוואָלט גיינ זיכ אויסריידנ דאָס הארצ, עפעס האָט ער געוואָלט אסאכ ריידנ פונ יִשעוו אונ מער פאר אלצ פונ בענצע־מייערנ, אָבער אסאכ מאָל איז ער געגאנגענ אונ ניט דערגאנגענ. פלעגט ער זיכ אומקערנ א פולער מיט כאראָטע, וואָס ער האָט זיכ אומגעקערט. אזוי־ארומ, זעענ מיר, אז כאָטש זאוול קערט זיכ אומ מיט כאראָטע, אָבער ער קערט זיכ פאָרט אומ. קיינ אנדערנ, וואָס זאָל אָנעמענ וועלכע ניט איז מיטלענ קעגנ בענצי־מייערנ, ווײַזט דער אווטער ניט. בא זאוולענ סטײַעט נאָר דער האס אפ אופוועקנ בענצי־מייערנ פונ שלאָפ אינ פעלד, ער זאָל אופשטיינ היטנ די פערד גלײַכ מיט אלעמענ.

אָט די סצענקע פונ דעמ אויבנגעבראכטנ צאָרנ בא זאוולענ באנאכט אינ פעלד, ווענ ער וועקט בענצע־מייערנ מיטנ בײַטש, איז געגעבנ שארפ, אויסדריקפול.

דער אווטער רוקט דאָ ארויס, ווי אויכ אינ „ווילדגראָז“, די פראָבלעמ פונ די באציִונגענ צווישנ דעמ טאטנ, דעמ באלעגופ, מיט זײַנע קינדער.

סאָלאָמאָנ, דער איינציקער זונ בענצי־מייערס, דעמ סויכער פונ באקאליי־קראָמ, וואָס פלעגט, זײַענדיק א שטיל פארקלערט יינגל, שטענדיק פרעגנ—„ווענ ווער איכ שוינ ווערנ א אינזשענער“ — האָט געהאָפט, אז איצט, ווענ זײַנ טאטע איז געוואָרנ א פויער, וועט ער קענענ קריגנ די נייטיקע „ספראווקעלע“ אונ ווערנ א אינזשענער. דאָ אָבער דערפילט ער, אז ער איז ווידער געפאנגענ געוואָרנ אינ זײַנ טאטנס נעצ, ער זעט באשײַנפערלעכ, ווי עס וואקסט דעמ טאטנס האָב אונ גוטס, ווי זײַנ טאטע ווערט א באלעגופ אונ שנײַדט דערמיט ווידעראמאָל אונטער זײַנ, סאָלאָמאָנס, האָפענונג.

און דאָ גייען זיכ אפ דעם מאָמענט פאנאנדער דעם טאטנס און דעם זונס וועגן. דער זונ פילט, אז „די בעהיימעס מיט די פערד וועלנ אים אופעסנ" און ער וואָלט זיי צוליב זייער אייגענער נוצ איצט פארניכטעט, אומגעבראכט, עס זאָל פונ זיי קיינ זייכער ניט בלײַבנ.

דער טאטע פילט, אז ער שטערט דעם זונס לעבנ־קאריערע, אָבער אפילע צוליבנ זונ איז ער ניט גרייט מאקריוו צו זײַנ מיט זײַנע באלעגופיש־עקספלואטאטערישע אידעאלנ: „זאָל איכ פארמאָגנ א שטריקל מיט צוויי הערנער פונ א בעהיימע? ניינ, דאָס קענ איכ ניט",—אזוי ענטפערט בענצי־מייער אָפ דעם זונ אפ זײַנע פרעטענזיעס. און סאָלאָמאָנ גייט אוועק פונעם טאטנ אינ קאָלעקטיוו. דער קאָלעקטיוו פארשטייט סאָ־אָמאָנס דראנג צו באַקומענ א ספראווקעלע. סאָלאָמאָנ, פונ זײַנ זײַט, פילט, אז מע האלט אים דאָ פאר א פרעמדנ, וואָס איז געקומענ נאָר פארדינענ א פאפירל. און ער הייבט אָנ פײַנט האָבנ זיכ אליינ, וואָס וויל אָפנארנ די וועלט מיט א פאפירל.

דאָ ווײַזט אונדז דער אווטער סאָלאָמאָנס סטירעסדיקע געפילנ און זײַנ ווילנ דערווײַזנ אלעמענ, אז ער איז אנ אייגענער אינ קאָלעקטיוו. דער אווטער ווײַזט דאָ א נײַ זײַטל פונ דעם זונס לעבנ, א זײַטל פונ פראָטעסט צום טאטנס פאָליטיק. אָט־אָ די שטעלונג סאָלאָמאָנס ווערט ניט גענוג אויסגעקלאָרט. אינ דעם מײַסטערישנ בילד פונ דער באנאכטיקער באגעגעניש צווישנ דעם טאטנ, דעם צעיושעטנ רויבער־שעדיקער, מיטנ זונ, פונ וועלכנ ער איז צוליב זײַנ רויבערישער פאָליטיק געבליבנ איזאָלירט, אינ אָט־אָ דעם באנאכטיקנ בילד ווערט בענצי־מייער קינסטלעריש באוויזנ בא נאָכ א סיטואציע. זײַנ סאָציאַל־פסיכאָלאָגישער טאָכ ווערט נאָכאמאָל אנטבלויזט, דער זונ, אָבער, סאָלאָמאָנ, ווערט אינ דעם בילד ניט קלערער.

וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר סאָלאָמאָנ, צי צערײַסט ער מיט זײַנ טאטנ ענדגילטיק, אָדער ניט—דאָס פארבלײַבט פארנ לייענער ניט קלאָר. דער אווטער האָט דאָ געדארפט באווײַזנ, צי דאָס איז בא סאָלאָמאָנענ נאָר א פאָרזיכטיקער מאנעוור פונעם קלאסנ־סוינע, אָדער ער האָט זיכווירקלעכ איבערגעבוירנ. אלנפאלס איז די טענדענצ פונעם אווטער צו ווײַזנ סאָלאָמאָנענ, וואָס גייט ארײַנ אינ קאָלעקטיוו צוליב א פאפירל, ווי אנ איבערגעבוירענעם, ניט גענוג מאָטיווירט און ניט בארעכטיקט.

מע מוז פארווּרטיילנ דאָס, וואָס דער אווטער באווײַזט אינ אזעלכע פארבנ בענצי־מייערס איבערלעבונגענ, בעשאס דער זונ גייט פונ אים אָפ, דערפירנדיק די איבערלעבונגענ צו א טראגעדיע. אָט דאָס גריביענ זיכ אינ בענצי־מייערס פאָטערלעכע געפילנ, אָט דאָס באַווײַזנ די ווידערשפרוכנ צווישנ בענצי־מייער דעם באלעגופ און צווישנ בענצי־מייער דעם פאָטער איז בעשומויפנ ניט בארעכטיקט און גיט אָפ מיט הומאניזם.

ניט געקוקט אפ דעם באדײַטנדיקנ פעלער, האָבנ מיר פאר זיכ דאָכ א שטארקע קינסטלערישע דערציילונג, אָנגעזעטיקט מיט שארפנ סאָציאַלנ אינהאלט.

## ו. וויטקינ

(צ. דאָלגאָפאָלסקי.—„אפ סאָוועטישער ערד". ווײַסרוסישער מעלוכע־פארלאג)

אונטער דעם נאָמענ איז אינ 1931 י. דערשינענ צ. דאָלגאָפאָלסקיס א בוכ דערציילונגענ.

קיינ בריטנ קרײַז דערשײַנונגענ פונעם סאָוועטישנ לעבנ געפינענ מיר דאָ ניט. אָבער אייניקע גאנצ וויכטיקע און אקטועלע פראגעס פונ אונדזער רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקײַט הייבט דער שרײַבער אופ אינ זײַנע דערציילונגענ.

ווי־זשע ווערט דאָ באוויזנ די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט און ווי ווערנ קינסטלעריש געלייזט די פראגעס, וואָס ווערנ ארויסגערוקט אינ די דערציילונגענ?

דאָ קענענ מיר ארויסשטעלנ צום שרײַבער א ריי טײַנעס.

דער שרײַבער האָט באשטימט א קינסטלערישנ כוש צו אויסקלײַבנ א טעמע, פאר־טראכטנ א סיוזשעט, ער אָריִענטירט זיכ אינ דער רעוואָליוציאָנערערווירקלעכקײַט, אָבער די טעמאטיק באקומט אָפט ניט קײנ פולנ אונ קאָנקרעטנ קינסטלערישנ אויסדרוק אינ די דערציילונגענ. דאָס זײַנענ גיכע קינסטלערישע קאָנטורנ פונ טעמעס. אָט ווײַזט אונדז דער שרײַבער אינ דער דערציילונג „איבערגעניצעוועטע“ דעם פסיכאָ־אידעאָלאָגישנ אונ שטייגערישנ איבערגעבורט־פראָצעס פונ רעב זאַלמענענ. דאָס איז א מענטש אָנ א פראָפעסיע, וועלכנ די סאָוועטנמאכט האָט באזעצט אפ ערד, וועלכער פאלט ארײַנ אינ א קאָלווירט. די נײַע קאָלווירטישע ארומרינגלונג הייבט אימ אָנ איבערצוקאָכנ. דאָס איז א קאָמפליצירטער פראָצעס. אימ זײַנענ געווידמעט אסאכ ווערק פונ דער ייִדישער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראטור. דאָכ איז די גאנצע קאָמפליצירטקײַט פונעמ דאָזיקנ פראָצעס נאָכ ניט באוויזנ געוואָרנ. מיט דער דערציילונג „איבערגעניצעוועטע“ האָט דער שרײַבער זייער ווייניק בארײַכערט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור אינ געביט פונ באווײַזנ דעמ איבערגעבורט־פראָצעס. דער „איבערגעניצעוועטער“ רעב זאַלמענ איז אינ דער דערציילונג דעריקער אויסגעדריקט דורכ דעמ, וואָס רעב זאַלמענ שערט זיכ ארומ, ער נעמט אראָפּ די באָרד אונ פייעס, עסט טארפעס, נעמט זיכ צו א „פראָסטער ארבעט“ (א פאסטעכ). דאָס איז אָבער א סכעמע פונ א מענטשנ, וואָס ווערט איבערגעאנדערשט.

געלונגענ איז דאָ ארײַנגעפירט דער אנאָנימער בריוו, וועלכנ עס באקומט רעב זאַלמענ. רעב זאַלמענס באציִונג צומ כיירעמ, מיט וועלכנ עס דראָט אימ דער קלאסנ־סוינע אינעמ אנאָנימענ בריוו, גיט איבער א וויכטיקע ענדערונג אינ זײַנע פאָרשטעלונגענ אונ פסיכאָלאָגיע.

אינ דער דערציילונג „האָבער“ ווערט אינ פלאנ פונ א בײַ־טעמע באוויזנ א פרוי, וועלכע גייט ארויס פונ די ווענט פונ קיכ, ציט זיכ צומ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, ברעכט די אלטע טראדיציע־באציִונגענ צווישנ מאנ אונ ווײַב. אָבער די זעלבשטענדיקײַט פונ דער נײַער סאָוועטישער פרוי, איר אייגענער ווילנ, איז דאָ ניט גענוגנדיק פארקערפערט אינ קינסטלערישע בילדער. דא באגעגענענ מיר אָבער אויכ געלונגענע בילדער, וואָס גיבנ איבער די צערויִנירונג פונעמ אלטנ שטייגער, ווי דאָס בילד „שאבעסדיקע וואָרמעס“, וואָס לייקנט געלונגענ אָפּ דעמ שאבעסדיקנ שטייגער. אָבער דער נײַער שטייגער, דער, וואָס דארפ פארבײַטנ דעמ אלטנ, איז דאָ שוואכער פאָרגעשטעלט.

אינ דער דערציילונג „האָבער“ באמערקנ מיר טענדענצנ פונ פארפלאָנטערנ די אָביעקטיווע סאָוועטישע ווירקלעכקײַט. דאָס שטאמט פונ דעמ, וואָס דער שרײַבער איז צו דער עפּיזאָדישער סיטואציע צוגעגאנגענ ניט ווי צו אנ עפּיזאָד, נאָר ווי צו א טיפּישער דערשײַנונג פונ אונדזער סאָוועטישנ לעבנ.

אינ אָט דער דערציילונג באווײַזט דער שרײַבער די צווישנבאציִונגענ פונ א קאָלווירטניק אונ אינדיווידועלנ פויער (מוישע־בער). מוישע־בער וויל ניט גיינ אינ קאָלווירט, ער האָט צײַט, ער קענ אויסוואַרטנ, ארומקוקנ זיכ, אָפּוועגנ צי עס לוינט... זײַנ שטיקל ערד געפינט זיכ אָבער אינ סאמע מיטנ פונ די קאָלווירטישע פעלדער, זײַנ שטיקל ערד איז פארנ קאָלווירט, ווי „א צעפוילטער צאָנ אינ מויל“. מע דארפ אימ באזײַטיקנ. דער טראקטער האָט ליב דורכויסיקע קאָלווירטישע פעלדער. טיילט מענ אויס מוישע־בערנ אינ אנ אנדער אָרט „א פארוואקסנ שטיקל טרוקנ ערד“. מוישע־בער איז פונ דעמ אופגעבראכט. די באציִונגענ צווישנ אימ אונ קאָלווירט ווערנ פארשארפט. דאָס ווערט אָבער ניט באוויזנ, ווי אנ עפּיזאָד, וועלכער איז אינ אלגעמיינ ניט כאראקטעריסטיש פאר די צווישנבאציִונגענ צווישנ דעמ קאָלווירט אונ אינדיווידואל, נאָר דאָס ווערט פאראלגעמײַנערט. עס באקומט זיכ, אז אומעטומ איז אזוי. אונ אויב ערגעצ־ווו איז אנדערש, איז עס נאָר דערפאר, וואָס „מע לאָזט ניט פונ צענטער, מע הייסט ניט פונ קרײַז“. דאָס איז א שלעכטע פאראלגעמיינערונג.

צי איז טאקע אזא די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט?

צומ סאָפ גיט זיכ מוישע־בער אונטער דעמ קאָלווירט. פארוואָס? עס האָבנ זיכ ארײַנגעמישט די פארטייִשע, סאָוועטישע אָרגאניזאציעס, וואָס שאפנ ריכטיקע צווישנבאציִונגענ

פונ קאָלווירט אונ אינדיווידועלנ פויער? ניינ. פּאָשעט: מוישע־בערס האָבער איז ניט געראָטנ. דער האָבער אפ די קאָלווירטישע פעלדער איז א גוטער.

די פאָרצוגנ פונ דער קאָלווירטישער טעכניק אונ וויסנשאפט האָבנ, פארשטייט זיכ, א גרויסע אגיטאציאָנעלע באדייַטונג פאר קאָלעקטיוויזאציע. אָבער דער הויפּט־באדינג פאר קאָלעקטיוויזירנ די פויערישעווירטשאפטנ—דאָס איז די באָלשעוויסטישע אָנפירונג אינ דאָרפ, וועלכע דריקט זיכ אויס אינ א גרויסער מאָס אויכ אינ אייַנשטעלנ ריכטיקע צווישנבאציִונגענ פונ קאָלווירט אונ אינדיווידועלנ לאנדווירטשאפטלעכנ סעקטער. מוישע־בערס „אונטערגעבנ זיכ“ איז דאָ ניט צוגעגרייט, אומדערוואַרט, דעריבער ניט איבער־צייַגנדיק, צופעליק, עס שווימט ניט ארויס פונ דער גאנצער אומגעבונג, עס איז דעריבער פאלש. דאָס איז ניט דאָס, וואָס ס'קומט פאָר אפ דער סאָוועטישער ערד.

די דערציילונגענ לייַדנ פונ דעמ, וואָס אינ זיי וואלגערט אָנ דער שרייַבער אסאכ זייַטיקנ מאטעריאל. אָט די מאטעריאל־אָנגעוואלגערטקייַט שטערט קאָנצענטרירנ די אופ־מערקזאמקייַט פונעמ לייענער אפ דער גרונט־פראגע, ווענדעט אימ אָפּ אָנדערזייַט, זי שטערט אויכ דעמ שרייַבער צו קאָנצענטרירנ די קינסטלערישע קויכעס אפ דער גרונט־טעמע, די קויכעס ווערנ צעשפּליטערט אונ די קינסטלערישע קוואליטעט באקומט זיכ א נידעריקערע. אָט באווייַזט דער שרייַבער מאָמענטנ פונ רעקאָנסטרוקציע אינ דער גאָר געלונגענער דערציילונג „איבערגעפּרוּירענע עפּל“. די דערציילונג האָט זיכ דעמ אוטער באדייַטנד אייַנגעגעבנ. א שאָד אָבער, וואָס די דערציילונג ווערט געגעבנ פונ וואגאָנ. אסאכ וויכטיקער וואָלט זייַנ אונ אסאכ מער וואָלט נאָכ די דערציילונג אויסגעוווּנענ, ווענ דאָלגאָפּאָלסקי באווייַזט אונדז אויכ די קאָנקרעטע געשעענישנ אפ זייער קאָנקרעטנ אָרט.

עס איז צו באמערקנ, אז דער שרייַבער יאָגט זיכ צו געבנ וואָס מער מענטשנ אינ די דערציילונגענ. עס באקומט זיכ אָבער, מערסטנטייל, אז עס ווערנ אָנגעוואלגערט נעמענ אונ קיינ פארטיקע מענטשלעכע געשטאלטנ זעט מענ אָפּט ניט. ער באווייַזט ניט צוקוקנ זיכ צו זיי אונ אימ גיט זיכ ניט אייַנ דעריבער פאָרשטעלנ פאר דעמ לייענער דעמ אינערלעכנ טאָכ פונ העלד, ער גיט נאָר איבער אייניקע אויסערלעכע שטריכנ פונ די העלדנ.

אינטערעסאנט איז דאָ פאָרגעשטעלט געוואָרנ דער ליבע־מאָטיוו. מיר באגעגענענ אימ קימאט אינ אלע דערציילונגענ. די ליבע באזירט זיכ ניט בא אימ אפ דעמ ביאָלאָגישנ מאָמענט, נאָר אפ א סאָציאַלער נאָענטקייַט אונ צוגעבונדנקייַט פונ איינ מענטשנ צומ צווייטנ. זי ווערט געגעבנ אינ דעמ צושטאנד, ווענ זי איז נאָכ קימאט ניט באוויוסט. דאָס גיט צו א באזונדערנ כיינ אָט דעמ מאָטיוו.

זייַנע טעמעס גיבנ אסאכ שטאָפ פאר הומאָר. דער הומאָר איז געגעבנ געוואָרנ אינ די דערציילונגענ מיט טאקט.

דאָס בוכ „אפ סאָוועטישער ערד“ האָט אסאכ שעפערישע דורכפאַלנ, אָבער דאָס לייקנט ניט אָפּ דעמ ווערט פונ אימ. דאָס בוכ טראָגט ארייַנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור א ריי נייַע טעמעס. דאָ באגעגענענ מיר א גאנצע ריי ביז גאָר געלונגענע קינסטלערישע שטיקער אונ בילדער, וואָס גיבנ איבער די ענדערונגענ פונעמ אלטנ שטייגער אונ חייַזנ שוינ אייניקע שטריכנ פונ דעמ נייַעמ סאָוועטישנ שטייגער.

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיינ, כ. דונעצ, א. וואָלאָ־ברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיק, ל. ראָזנהויז, ס. שווײדעל.

דרוקערײַ א. ב. סטאלינ. באשטעלונג 2153. גלאוולית 210.

